

# א ייִד פון קלעמענטאוו דערציילט...

וואַרשע לאָדזש קראָקע

# A YID FUN KLEMENTOV DERTSEYLT

Lejb Zylberberg

*Permanent preservation of this book was made possible*
*by Dorothy Scher Latiak*
*In memory of Morris and Goldie Saperstein*



אויסגאבעס פון דער צענטראלער
יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע
ביים צ. ק. פון פוילישע יידן.
נומ. 36

רעדקציע-קאָלעגיע:
מיכאל מ. באָרוויטש, נחמן
בלומענטאל, יוסף וולף,
און ד"ר יוסף קערמיש.



Składano w drukarni Nr 10
wyd. „Dos Naje Lebn" w Łodzi

„אַ ייד פון קלעמענטאָוו דערציילט“ איז אַ גבית עדות, אויפ־
גענומען דורך אונזער מיטאַרבעטערין מירסקא קלארא ביי לייב זיל־
בערבערג, וואָס האָט די אָקופּאַציע־צייט אַדורכגעלעבט אין און
אַרום קלעמענטאָוו.

די דריי פאָטאָגראַפיעס פון קלעמענטאָוו אונטער דער דייטשער
אָקופּאַציע, האָט אונז פריינטלעך אויסגעליען די היסטאָרישע קאָ־
מיסיע ביים צ. ק. פון „בונד“ אין פוילן.

רעדאַקציע־קאָלעגיע.

* * *

פֿאַר די צוויי יאָר אַרבעט אין דער היסטאָרישער קאָמיסיע זיינען פֿאַרביי מיין טיש אַדורכגעגאַנגען פֿאַרשידענע מענטשן. מענטשן אינטעליגענטע, טייל מיט העכערע בילדונג, וואָס האָבן זיך באַמיט דורכפֿירן אַן אַנאַליז פֿון דעם, וואָס זיי האָבן געזען, און פּשוטע יידן פֿון אַ גאַנץ יאָר, וואָס האָבן נישט שטענדיק געקאָנט געפֿינען די נויטיקע אויסדרוקן פֿאַר זייערע גרויליקע איבערלעבונגען. צווישן אַנדערע איז געקומען צו מיר צו גיין אַ געוויסער לייב זילבערבערג, אַ פּשוטער שניידער פֿון אַ קליין שטעטל. באַלד פֿון ערשטן מאָמענט אָן האָב איך אַלס פּראָטאָקאָלאַנט דערזען, אַז איך האָב פֿאַר זיך אַ ווערטפֿולן אָביעקט. ווייל עס טרעפֿן זיך צוויי־ערליי עדות. איינער רעדט זייער שנעל, אָפּטמאָל כאַאָטיש און דער פּראָטאָקאָלאַנט, פֿון וועלכן עס פֿאָדערט זיך אין אַלגעמיין, ער זאָל שרייבן שנעל, סטענאָגראַפֿיש, איז נישט אומשטאַנד גלייך אויף אַן אָרט פֿאַרפֿיקסירן די דערציילונג אַזוי ווי זי ווערט איבערגעגעבן ער איז דאַן געצוווּנגען אויפֿצייכענען געוויסע פּונקטן, וועלכע ער מוז באַאַרבעטן שפּעטער. אין אַזאַ פּראָטאָקאָל קאָנען זיך אָפֿט אַריינגנבענען געוויסע נישט פּינקטלעכקייטן. עס טרעפֿט אָבער אַ צווייטער מין עדות, וואָס פֿאַרמאָגט באַזונדערע אייגנשאַפֿטן, וויכטיקע פֿאַרן פּראָטאָקאָלאַנט. זיין אַרכיטעקטאָניש גוט געבויטע דערציילונג, דער אופֿן פֿון דערציילן גיט די מעגלעכקייט אויפֿכאַפּן דעם אינהאַלט מיט אַלע פּרטים, מיט דער גאַנצער אייגנאַרטיקייט פֿון סטיל, אָן אַ וועלכער נישט איז נויטווענדיקייט אים צו באַאַרבעטן. דער פּראָטאָקאָלאַנט שטעלט זיך דאַן אָוועק אין שאָטן, כאָטש מען

מוז אונטערשטרייכן, אַז ער טאָר זיך נישט באַגרענעצן בלויז צום טעכנישן פאַרשרייבן. ער מוז זיין אַקטיוו. דורך אַ פראַגע, דורך אַ באַמערקונג מוז ער קאָנען שאַפן אַ נאָענטקייט צווישן זיך און דעם עדות, כדי צו שטאַרקן אין אים די איבערצייגונג אין דער חשיבות־קייט פון זיינע איבערלעבונגען און אָנרעגן אים צו אַ גענויערן דערציילן.

אַזאַ מין דאנקבארן עדות האָב איך געפונען אין דער פער זאָן פון לייב זילבערבערג. עס האָט פון אים געוויעט מיט אַ רויקייט און באַדאַכטקייט. לאַנגזאַם, שטיל האָט ער אָנגעהויבן זיין דערציילונג, עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי עס וואָלט דורכגעגאַנגען אַרויסגעשווימען פון זיין זכרון איין בילד נאָך דעם אַנדערן, איין געשעעניש נאָך דער אַנדערער, וועלכע ער האָט איבערגעגעבן גענוי לויט אַ כראָנאָלאָגישן סדר.

אַזוי איז אין משך פון אַ לענגערער צייט אויסגעוואַקסן אַ גאַנץ גרויסע און פּאַרטיקע אַרבעט. איצט ביים אַרויסגעבן זי האָב איך בלויז אין איינצלנע ערטער אויסגעשטראָכן געוויסע איבערחזרונגען, וועלכע האָבן זיך געלאָזט און וועלכן נישט איז שאָדן פאַר דער גאַנצקייט באַזייטיקן.

זילבערבערגס אַרבעט קאָן מען איינטיילן אין 4 חלקים. איין טייל נעמט אַרום די געשיכטע פון שטעטל קלעמענטאָוו אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע און נאָך דער באַפרייונג. דער צווייטער נעמט אַרום די אַנטשטייונג און ליקווידאַציע פון יודנשטאַט אין סאָנדאָמיר, וווּ עס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט די רעשטלעך יידן פון דער אַרומיקער געגנט. ווייטער גייען די איבערלעבונגען אין לאַגער און אויך דער אַרישער זייט.

באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש איז די געשיכטע פון שטעטעלע קלעמענטאָוו. קליין איז דאָס שטעטעלע, אָבער טראַגיש און באַ־לערנד איז זיין געשיכטע אין דער באַלייכטונג פון לייב זילבערבערג. די געשיכטע פון שטעטעלע קלעמענטאָוו זאַמלט צונויף אין זיך ווי אין אַ פּריזמע די עטאַפּן פון אומקום אויך פון גרעסערע ישובים

זוי קלעמענטאָוו. איך וועל אפשר זיין צו דרייסט, אָדער אפשר גיב איך צו אַ צו גרויסע באַדייטונג זיין אַרבעט, נאָר אין מיינע אויגן וואַקסט אויס די קלעמענטאָווער מאַרטיראָלאָגיע צו אַ קווערשניט פון דער ידישער טראַגיק אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. פּונקט ווי אין אַ טראָפּן וואַסער, ווען מען נעמט עס אונטער אַ מיקראָסקאָפּ שפּיגלט זיך אָפּ די פאַרשידנפאַרביקייט פון לעבן אין וואַסער בכלל, פּונקט אַזוי זעען מיר אויפן ביישפּיל פון קלעמענטאָוו די טראַגיק פון יידישן לעבן און אומקום בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע. אויפן ביישפּיל פון קלעמענטאָוו איז צו זען, אַז אפילו די געשיכטע פון יידישן פיין אוןליידן האָט נישט געשאַפן אין פאָלק די אימוניטעט-פעיקייט קעגן דער אכזריות, אין עס איז פאַרשטענדלעך, ווייל אַזאַ אכזריות האָט נישט קיין פּרעצעדענס אפילו אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק.

די יידישע באַפעלקערונג באַגרייפט נישט דעם גאַנצן טייוולשפּיל פון פאַרשאָלטענעם שונא. זי שטעלט זיך נישט פאָר, אַז אין ענדציל פון אַלע אירע פייניקונגען שטייט אומקום, און ווען זי הייבט עס אָן צו באַגרייפן, איז שוין צו שפּעט. מיר זעען פאַר זיך אַן אומבאַהאָלפענע עדה יידן, אינגאַנצן נישט קיין צוגעגרייטע צו דער גרויזאַמער ווירקלעכקייט. אַ ווייטיקדיקער געפיל פון רחמנות נעמט אונז אַרום צו דער שוצלאָזער יידישער מאַסע פון קלעמענטאָוו, וואָס איז איבערגעלאָזן זיך אַליין, וואָס האָט נישט, ווער עס זאָל מיט איר אָנפירן אין די שרעקלעכע טעג. עס פילט זיך דער מאַנגל פון אַן אָרגאַניזירטן פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכן כוח, אַרום וועלכן די מאַסע זאָל זיך קלאַמערן און גיין נאָך אים. עס פעלט די פּאַרטיי, וואָס זאָל ענטפערן אויף דער פראַגע: „וואָס טאָן?״.

ספּעציעל טראַגיש זעט אויס די אומבאַהאָלפנקייט פון דער יידישער מאַסע, ווען אין אַלע שטעטלעך אַרום קלעמענטאָוו ברענט שוין. עס קומט צום העכסטן אויסדרוק די גאַנצע אָפּהענטיקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט געצאַפּלט אין אָנמעכטיקער פאַרצווייפלונג. יידן כאַפּן זיך אָן אין אַ שטרוי, ווילן זיך

דעקן מיט אַרבעטס-פּלעצער, זוכן פיבערהאַפט פאַרשידענע אויס־
וועגן, וואַרטן אויף אַ נס, וואָס קומט נישט.

דאָס אויספעלן פון אַן אָרגאַניזירטער קראַפט, וועלכע זאָל
ציען נאָך זיך די מאַסן, פאַרלייכטערט דעם טייוול זיין שפּיל. ווי אַ
ווילדע חיה שפּילט ער זיך מיט דעם קרבן איידער ער פאַרצוקט
אים.

דאַקעגן זעט מען גאַנץ בולט, ווי די נידערטרעכטיקייט פון
אָקופּאַנט, דער כוח פון אומגעהויערן שלעכטס, וואָס שטראָמט פון
אים, ציט אַרויס אויף דער אויבערפלאַך פון קלעמענטאָוו דעם שוים
פון דער געזעלשאַפט. דער יודנראַט, די יידישע פּאָליציי — צוויי
אינסטיטוציעס, וועלכע דער אָקופּאַנט האָט אויפגעשטעלט כדי מיט
זייער הילף אומצוברענגען די יידישע מאַסע, קאָנצענטרירן אין
זייערע רייען אַלע אויסוואורפן, וואָס מיינען, אַז דורכן לעקן די
שטיוול פון דייטשן מערדער, דורך אויספּרעסן די לעצטע כוחות
ביי דער פאַרצווייפלטער עדה יידן, וועלן זיי ראַטעווען זייער אייגן
לעבן.

מיר זעען פאַר זיך אַ טראַגעדיע פון צעריסנקייט, פון נישט
צוגעגרייטקייט און שוצלאָזיקייט אין אַ מאָמענט, ווען אַלע כוחות
פון דער געזעלשאַפט האָבן געדאַרפט האַרמאָניש געווענדעט ווערן
צום קאַמף קעגן אָקופּאַנט, ווייל עס האָט זיך דעצידירט די פראַגע
פון זיין אָדער נישט זיין פון אַ פאָלק. אָבער אַנדערש איז געווען די
ווירקלעכקייט. דער קרבן האָט זיך אַלץ מער פאַרפּלאָנטערט אין
דער נעץ, וואָס דער טייוול האָט פאַר אים אויפגעשטעלט, (עס איז
אפשר נישט קיין צופאַל, וואָס אין קיין שום ליטעראַטור איז נישט
אַזוי בולט געקומען צום אויסדרוק די געשטאַלט פון טייוול-נעפּיסטאָ,
ווי אין דער דייטשער).

אין דער ארבעט טרעפן מיר זיך אויך אָן אויפן פּראָבלעם פון
דער אַ. ג. אַרישער זייט. די לאַנגיאָריקע אַנטיסעמיטישע שטימונ־
גען, וואָס זייבען געפּלאַנצט געוואָרן אין דער פּוילישער געזעלשאַפט,
די לאַנגיאָריקע רעאַקציאָנערע איינפלוסן פון דער סאַנאַציע און ענ־

דעציע, די דעמאָראַליזירנדיקע טעטיקייט פון אָקופאַנט, ווי אויך די פאַרברעכערישע אַרבעט פון נ. ס. ז. און טיילן פון אַ. ק., וועגן וועלכע זילבערבערג דערמאָנט, גיבן אַרויס זייערע פאַרסמטע פרוכט.

די סטיכיע פון שלעכטס, וואָס טרעפט אין יענעם מאָמענט נישט אָן אויף קיין ווידערשטאַנד, צוליב דער פאַראַליזירנדיקער טעטיקייט פון דער לאָנדאָנער רעגירונג, דער אומבאַשטראָפטער ווילקיר, דאָס אַרויסנעמען דעם ייד פון אונטערן געזעץ, פאַרשיכורט די נישט שטאַנדהאַפטיקע, מאָראַליש נישט־באַוואָפנטע צו אַזאַ ווילדן ספעקטאַקל טיילן פון דער פוילישער באַפעלקערונג. די פאַרסמטע דייטשע און היימישע פראָפאַגאַנדע פון דער פוילישער רעאַקציע שלעפּערט זיס איין ביי אַ סך דאָס געוויסן און גיט אַ באַרעכטיקונג פאַר מאָרד און רויב. עקלהאַפט גייט אַרויס די גראַנאַטפאָליציי. מיר פילן דעם פאַרסמטן אָטעם פון נ. ס. ז., וואָס צווינגט שוין נאָך דער באַפרייונג די לעצטע יידן אויסצווואַנדערן פון קלעמענטאָוו.

אַן אומעטיקן דאָקומענט פון מענטשלעכן פיין און געפאַלנקייט אין דער שווארצער נאַכט פון דער דייטשער אָקופאַציע האָט אונז געגעבן דער פשוטער ייד לייב זילבערבערג.

און דאָך זיינען מיר ווייט פון פאַרצווייפלונג נאָכן איבערלייענען די דאָזיקע אַרבעט. אונזער גלויבן אין מענטש און מענטשלעכקייט ווערט נישט אָפּגעשוואַכט. פונקט פאַרקערט: אונזער גלויבן אין אייביק מענטשלעכן שטאַרקט זיך, און דאָס דערפאַר, ווייל דווקא אין דעם קלימאַט, וואָס האָט אַזוי באַגינסטיקט די צעבליונג פון די ווילדסטע אינסטינקטן, זעען מיר דאָך, אַז די טיפענישן פון פאָלק סיי פון יידישן סיי פון פוילישן זיינען געבליבן גאַנץ. גאַנץ איז די עדה יידן, וואָס גייען מיטן רב בראש אויפן בית־עלמין, ווו ער האַלט אַ דין־תורה מיט גאָט און איז גלייכצייטיק קובר ספרים. ליכטיק איז די געשטאַלט פון יידישן מיידל, וואָס באַוועגט זיך פריי צווישן פויערים און העלפט אַרויס יידן, ביז וואַנען אַ פוילישער פאָליציאַנט האָט זי נישט געהרגעט. טיף מענטשלעך איז די

צוגעבונדנקייט פון אַ יידיש מיידל צו איר חתן, ווען זי לויפט צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע אַרויסרייסן אים פון דער יידישער תפיסה, ביז וואַנען זי פאַלט נישט אַליין צוזאַמען מיט אים און מיט אַלע זיינע נאָענטע ווי אַ קרבן פון דייטשער אכזריות, וואָס דערשטיקט אין בלוט דעם מינדסטן פּרווו פון ווידערשטאַנד. אַזעלכע ביישפּילן זיינען דאָ אַ סך. איך לאָז זיי איבער דער אויפמערקזאַמקייט פון לייענער.

דאָס זעלבע איז מיטן דורכשניט פון דער פּוילישער מאַסע. זילבערבערג און זיין ברודער גייען אַדורך נאָכן אַנטלויפן פון לאַגער אַ סך דערפער. זיי גייען אריין אין די פּויערישע כאַטעס, איינער ווייזט זיי, ווו זיי זאָלן גיין, כדי אויסצומיידן די דייטשן, אַ צווייטער גיט זיי ברויט מיט מילך, אַ דריטער לאָזט זיי אַ נאַכט צוויי איבערנעכטיקן. ביז וואַנען זיי געפינען נישט אַן אָרט, ווו די באַלעבאַטים באַהאַלטן זיי אויס ביז דער באַפרייונג נישט געקוקט אויף דער טויט־שרעק, וועלכע נעמט זיי אָפטמאָל אַרום, באַזונדערס ווען אין דאָרף באַווייזן זיך וולאַסאָווצעס. אויפריכטיק איז די פרייד פון פּויער ביים אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי, ווען ער שרייט אַריין אין דער באַהעלטעניש פון די ברידער זילבערבערג: „קריכט אַרויס, די סאָוויעטן זיינען שוין דאָ!”

איבערגעבנדיק די אַרבעט פון לייב זילבערבערג צו דער עפנטלעכקייט, האָב איך די באַפרידיקונג, אז דאָס איז דער ערשטער טריט פון מיין זייט, דערפילן אין די ראַמען פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע דעם ווילן פון די אַלע, וואָס האָבן מיר זייערע איבערלעבונגען אָנפאַרטרויט. דער פאַרלאַנג פון עדות זיינע איבערלעבונגען זאָלן פאַרעפנטלעכט ווערן איז אַ טייל פון דעם גרויסן באַגער, וואָס עס האָבן הונדערטער טויזנטער יידן אויסגעדריקט אויף זייער לעצטן וועג: די וועלט זאָל זיך דערוויסן פון זייער פּיין און נקמה נעמען פאַר זייער אומקום. און אויב מיטן אַרויסגעבן די דאָזיקע אַרבעט האָט זיך מיר טיילווייז איינגעגעבן צו דערפילן די צוואה פון די אומגעקומענע און דעם פאַרלאַנג פון די לעבנגעבליבענע, האַלט איך מיין באַשיידענע אַרבעט פון פּראָטאָקאָלאַנט פאַר באַלוינט.

מ י ר ס ק א  ק ל אַ ר אַ.

# 1. די ערשטע נגישות

איך שטאַם פון אַ קליין שטעטל קלעמענטאָוו, סאַנדאָמירער קרייז. פאַרן קריג האָבן דאָרטן געוווינט איבער 800 יידישע פאַמיליעס. עס זיינען געווען פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, ווי: ציוניסטישע און אַרבעטער־פּאַרטייען. צוויי יאָר פאַרן קריג איז געוואָרן אויפגעלייזט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. די געוועזענע מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אַ גרופּע סימפּאַטיקער האָבן אָרגאַניזירט אַ שטאָטישע ביבליאָטעק. איך בין געווען אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער ביבליאָטעק. די ביבליאָטעק איז געווען באַקאַנט אין שטעטל אַלס קאָמוניסטישע. דאָנערשטיק, דעם 7־טן סעפּטעמבער 1939, האָט די אָנפירערשאַפט פון דער ביבליאָטעק פאַרברענט די ליסטעס פון דער פאַרוואַלטונג און פון די לייענער. מיר האָבן אויך צעטיילט צווישן מענטשן די מער פאַרדעכטיקע מאַרקסיסטישע ליטעראַטור. שבת, דעם 9־טן סעפּטעמבער, 2 אַזייגער נאָכמיטאָג, איז דער ערשטער דייטשישער פּאַטרול דורכגעפאָרן דורכן שטעטל. קרבנות אין קיין יידן איז אין דעם טאָג נישט געווען. עס זיינען בלויז געפאַלן 2 פּאָליאַקן — אַ פּאַסטוכל מיט אַ פויער. מאָנטיק דעם 11־טן סעפּטעמבער 1939 יאָר, אַרום 9 אַזייגער אינדערפרי, איז אַריינגעפאָרן אין שטעטל אַ פּאַנצער־אויטאָ מיט מאַשינען־געווער. דער פּאַנצער־אויטאָ מיט אַ לאַסט־אויטאָ האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין מאַרק. עס זיינען פון די אויטאָס אַרויסגעשפּרונגען זעלנער, וואָס האָבן זיך צעוואָרפן איבער אַלע גאַסן. זיי האָבן צונויפגעטריבן אויפן מאַרק מענער: יידן און פּאָליאַקן. עס זיינען אויך געווען צווישן די צונויפגעטריבענע יינגלעך אָן אונטערשיד

פון עלטער. זיי האָבן אַרייַנגעשאָסן אין די פאַרמאַכטע טירן, אַרויס־געשלעפּט מענטשן פון די הייזער. ווען דער מארק־פּלאץ איז שוין געווען פול, האָבן זיי אָפּגעטיילט די יידן פון די פּאָליאקן און נאָכדעם האָט מען אלע געהייסן גיין אַהיים.

דעם 13־טן סעפּטעמבער 1939 יאָר איז אויף אַ מאָטאָציקל געקומען אַ דייטש. די גאסן זיינען געווען פּוסט. מען האָט מורא געהאַט אַרויסצוגיין אין גאס. צום דייטש איז צוגעגאַנגען אַ פּאָליאק יוזעף שלעדזש און האָט פאר אים פארמסרט די יידן, אז זיי ווילן אים נישט פארקויפן קיין טאבאק. דער דייטש האָט אים אריינגע־פירט אין אַ יידיש געשעפט און פאָרגעלייגט צו נעמען טאַבאַק, וויפל נאָר זיין הארץ גלוסט. דער זעלבער דייטש האָט פון זיין מאָטאָציקל געשאָסן צו אַ יידישן טרעגער, וועלכער האָט זיך צו־פעליק געפונען אין גאס, נאָר ער האָט אים נישט געטראָפן. ראש־השנה איז דורך דער שטאָט אַדורך דאָס דייטשע מיליטער, דאָס האָט געדויערט 2 טעג. ביים דורכמארש האָבן זיי אויפגעריסן יידישע געוועלבער און רויבירט. ביי אַ געוויסן וואָלף ווערטהיים האָבן זיי צוגערויבט לעדער און מאַנופאקטור און צעטיילט צווישן דער פוילישער באפעלקערונג. זיי האָבן אויך געטיילט צוקערווארג די פוילישע קינדער. די סצענעס האָבן זיי פאָטאָגראפירט. נאָכן דורכ־מאַרש פון מיליטער איז אין שטעטל אָנגעקומען אַ זשאנדארמעריע־אָפּטיילונג מיט אַ דייטשן ווירטשאַפטס־קאָמיסאַר. די זשאַנדאַרמעריע האָט אַרויסגעצויגן אויפן מארק דעם רייכן ייד וויגדער רייכצאג, כדי אויסצופרעסן ביי אים געלט. עס איז געווען אַ רעגנדיקער טאָג, זיי האָבן אים געהייסן זיך אויסטאָן, זיך לייגן אויף דער ערד און אויסגעשטעלט אויף אים ביקסן. מיינענדיק, אז זיי גייען אים שיסן, האָט ער קוויטן פּסק פון רב (די זשאנדארמען האָבן געפאָדערט, אַז דער רב זאָל פעסטשטעלן וויפל ער זאָל געבן) געגעבן 3.000 זל. זיי האָבן געפאָדערט, אַז יידן און פּאָליאקן זאָלן נישט גיין אין גאס מיט די הענט אין די טאַשן. די יידן האָבן געמוזט אַראָפּגיין פון טראָטואַר, ווען אַ דייטש איז געגאנגען.

אין אָקטאָבער 1939 יאָר איז פון סאַנדאָמיר געקומען אַ באַ־פעל, אַז די ייִדן אין סאַנדאָמירער קרייז דאַרפן באַצאָלן 100 טויזנט זל. קאָנטריבוציע. אַ געוויסן חלק האָט געמוזט אויך באַצאָלן קלעמענטאָוו. די ייִדן האָבן גערעדט צווישן זיך, אַז ביים צונויפזאַמלען די קאָנטריבוציע פאַרדינען געוויסע כלל־טוער. די ייִדישע באַפעל־קערונג האָט געפאָדערט אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אויספאָרשן, צי עס קומען פאָר מיסברויכן ביים צונויפקלייבן דאָס געלט. אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע בין איך אַריין, מיין חבר אלטער שמיד און חבר שלום קארמעז, וואָס איז עטלעכע טעג פאַרן אויסברוך פון קריג געקומען צו פאָרן פון פאַלעסטינע. צום באַדויערן האָט די קאָנטראָל־קאָמיסיע ווייניק וואָס געקאָנט קאָנטראָלירן. בשעת די פאַרהאַנדלונגען פון דער קאָמיסיע מיט יונה פיינטוך, וואָס איז פאַרן קריג געווען דער פרעזעס פון דער ייִדישער קהלה, איז געווען אנוועזנד משה מאיר ציגנער, אַ אונטערוועלט מענטש, וואָס איז געווען באַ־פריינדעט מיט דער זשאַנדאַרמעריע. דער זעלבער ציגנער האָט שאַנטאַזשירט די ייִדישע באַפעלקערונג. בשעת דער אויסזידלונג איז ער דערשאָסן געוואָרן.

## 2. די מעשים טובים פון יודנראט

אין אָקטאָבער 1939 איז געשאפן געוואָרן דער יודנראַט. ער איז נאָמינירט געוואָרן דורכן פוילישן וויט סטאַניסלאַוו לאסאָטאַ, עס איז געשאפן געוואָרן אַ יודנראַט פון 8 מענטשן מיט חיים הימלפארב אַלס פּרעזעס. אַזוי ווי ער האָט זיך נישט געקאָנט אַריינפּאסן אין דער געזעלשאפט פון די יודנראַטניקעס, האָט זיין אָרט פארנומען אפרים טעפּערמאן.

דער יודנראַט האָט — לויטן באפעל פון די דייטשן — אָנגעהויבן טרייבן די יידישע מאסע צו דער ארבעט, דערביי האָט זיך געשאפן אַ פּריווילעגירטער טייל, וואָס האָט נישט געאַרבעט.

דעם 4-טן מערץ 1940 יאָר איז צו מיר אריין טעפּער און זאָגט, אַז מען רופט מיך אין דער זשאנדארמעריע. איך בין מיט מיין חבר פון דער ביבליאָטעק-פאַרוואַלטונג אַריין אין דער זשאנדאַרמעריע, וואָס האָט זיך געפונען אין לאָקאל פון דער פּוילישער גמינע. די זשאַנדאַרמעריע האָט געפאָדערט מען זאָל זיי איבערגעבן די צאָל ביכער פון ביבליאָטעק, ווי אויך דעם אדרעס פון ביבליאָטעק. זיי האָבן די ביבליאָטעק געוואָלט פארחתמענען. אַזוי ווי די ביכער פון ביבליאָטעק זיינען שוין געווען פארטיילט צווישן חברים, האָבן זיי געפאָדערט, מען זאָל זיי צונויפקלייבן אלע ביכער אין לאָקאל פון דער פּוילישער פאָווּשעכנער שולע. די ביבליאָטעק האָט זיך נאָך דער באפרייונג נאָך געפונען און דער שולע. ערשט בשעת אַ באָמבאַרדירונג פון 9-טן אויגוסט 1944 יאָר איז די שולע מיט די ביכער פארברענט געוואָרן.

אַרום 6 מערץ 1940 יאָר איז אין שטעטל אָנגעקומען אַ שטראָף

עקספעדיציע פון איבער 40 ס. ס.־לייט „טויטן־קעפ". ווי האָבן זיך באַזעצט אין אַ פּאַלאַץ אַ קילאָמעטער הינטערן שטעטל. דעם ערשטן טאָג האָבן זיי שוין געשלאָגן די ייִדן, וועלכע זיי האָבן געטראָפן אין גאַס. דעם ייִד אבא קוואשניעווסקי, וואָס איז פאַרן קריג אַלס קאָ־מוניסט געזעסן יאָרנלאנג אין די תפיסות, האָבן זיי פאַרווונדעט. זיי האָבן געפאָדערט פון יודנראַט אַ געוויסע צאָל ביר, אייער, פּוטער אאַ"וו. די ס. ס.-לייט האָבן זיך דערוווּסט, ווו עס וווינען רייכע ייִדן און פלעגן זיי שלעפן אין פּאלאַץ אריין און דאָרט זיי פּייניקן. די ייִדן פלעגט מען אין די מלבושים אַריינוואַרפן אין טייך אַריין נישט ווייט פון פּאלאַץ און שפּעטער נאַסע אריינפירן אין קעלער פון פּאַ־לאַץ און צומאָרגנס אינדערפרי ערשט זיי אַרויפנעמען אינדערהויך און ווייטער פּייניקן. מען האָט זיי געיאָגט, אַ טייל האָט מען מיט שטעקנס אַזוי לאנג געשלאָגן, ביז דאָס אָנטועכץ פלעגט אויף זיי פּלאַצן. איינער אַ ייִד יעקל אינגערמאַן, האָט אונז געוויזן זיינע הויזן, וואָס זיינען פון הינטן געווען צעהאַקט ווי לאָקשן פון די קלעפּ. אויך די ייִדן פון יודנראַט האָט מען געשלעפּט אין קעלער, צווישן זיי איז געווען: ש. ווייסבלאַט, דוד גרינטיש, יאָסל גאָלדבלום. ביי יאָסל גאָלדבלום, וועלכער איז געווען אַ מאַנופאַקטור־סוחר, האָבן זיי געפאָדערט ער זאָל זיי אַרויסגעבן זיין סחורה. אַזוי ווי גאָלדבלום האָט זיך געהאַלטן מוטיק און נישט אַויסגעגעבן, ווו ער האַלט זיין סחורה, האָבן די ס. ס.־לייט אַלס נקמה אונטער־געצונדן זיין שטוב, וועלכע זיי האָבן פריער באַגאָסן מיט בענזין. זיי האָבן נישט דערלויבט דאָס הויז צו לעשן, בלויז די מענטשן האָבן זיך געראַטעוועט.

די ס. ס.־לייט פלעגן יעדן טאָג מיט לאַסט-אויטאָס קומען אין שטאָט אריין. אריינגיין אין ייִדישע געוועלבער און אלץ אויסליידיקן. דער אייגענטימער פון געוועלב פלעגט מוזן אליין צוטראָגן די סחורות צום אויטאָ און מען פלעגט אים נאָך שלאָגן, ער זאָל עס טאָן שנע־לער. זיי האָבן אויסגענוצט טעפּערמאַנען, ער זאָל זיי אָנווייזן, ווו עס וווינען רייכע ייִדן. אין אַ געוויסן טאָג האָבן זיי מיטגענומען חיים

אָסטראָוויעץ און לויט זיינע אָנווייזונגען צוגערויבט ביי די רייכע־
רע יידן זייער פאַרמעגן. זיי האָבן דאַן אזוי צעשלאָגן צוויי יידן, אַז
יענע זיינען פון די קלעפּ געשטאָרבן. אין שטאָט איז געווען אַ גרוי־
סע פאַרביטערונג קעגן טעפּערמאַנען, דאָס האָבן אויסגענוצט אַנ־
דערע, וואָס האָבן געלאָקערט אויפן בענקל פון פרעזעס. זיי האָבן
אים געמסרט און עס איז אַ צווייטער געוואָרן אויף זיין אָרט. איינער
פון די קאָכלעפל, וואָס האָבן אים אַראָפּגעוואָרפן, איז געווען מלך
אורבאַך. פאַרן קריג איז ער געווען אַ פרומער זיידענער יונגערמאַן.
ער איז געווען זייער אָנגעלייגט ביים וויט פון שטאָט. ער האָט
אַוועקגעשטעלט אַ צווייטן פרעזעס מאָטל שולדמאַן און רעגירט אי־
בער אים. סוף אַפּריל 1940 יאָר איז מאָטל שולדמאַן געוואָרן פרע־
זעס פון יודנראַט, וואָס איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון דריי
שיכטן פון דער באַפעלקערונג: רייכע, פרומע־לייט און אונטער־
וועלטניקעס.

די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז יידן ווערן גענומען
אויף 2 יאָר צוואַנגס־ארבעט, צוליב דערציערישע צילן און אויב
צוויי יאָר וועלן נישט ווירקן, האָט די מאַכט דאָס רעכט צו פאַרלענ־
גערן דעם טערמין פון דער אַרבעט. 1*) מען האָט באַשטימט, אַז
די יידן פון אונזער שטעטל גייען אויף צוואַנגס־אַרבעט אין שטיינ־
ברוך קיין מיענדזיגוזש 12 קמ. פון קלעמענטאָוו. פאַר די אַרבעטער
איז די ארבעט געווען די שווערסטע קאַטאָרגע, אָבער פאַרן יודנראַט
האָט זיך געעפנט אַ גאָלדגרובן.

דער פרעזעס האָט באַשטימט זיינע 2 שוואָגערס כיל פענטשינא
און פרץ ווייסבראָד אלס גרופּן־פירער. כיל פענטשינא פלעגט אין
שטיינברוך אָנווייזן אויף רייכע יידן, וועלכע מען פלעגט אָנטאָן
גרויסע צרות און זיי, נישט ווילנדיק שוין גיין מער צו דער אַרבעט,

---

1) עס רעדט זיך דאָ וועגן דער פאַראָרדענונג פון „גענעראַל־גובערנאַטאָר.
פראַנק פון 15־1939 X־26 און וועגן דעם אויספיר־באַשלוס צו דער פאַראָרדונג פון
1939 XII־12, וועלכן ס'האָט ארויסגעגעבן דער העכערער סס־ און פאָליציי פירער
קריגער.



דער מלמד ירחמיאל גוטמאַן,
געוואָרן אַ וואַסער-טרעגער אין קלעמענטאָווער געטאָ

פלעגן זיך אויסקויפן ביים פּרעזעס. גלייכצייטיק האָט דער זעלבער כיל פּענטשינא גענומען געלט ב"י די געשלאָגענע יידן, צוזאָגנדיק זיי, אַז דער מייסטער וועט זיי מער נישט שלאָגן. די קלעמענטאָווער יידן, וואָס אויף זיי איז געפאַלן די לאַסט פון אַרבעט, האָבן זיך צעבונטעוועט און באַקומענדיק אַ צעטל אויף צו שטעלן זיך צו דער אַרבעט, זיינען זיי נישט געגאַנגען. דעם 6־טן אויגוסט 1940 זיינען פון אָפּאטאָוו געקומען אין שטעטל אריין זשאַנדאַרמעריע, פאָלקס־דייטשן, שוץ־פּאָליציי. דאָס שטעטל איז נאָך געשלאָפן. זיי האָבן אַרויסגעטריבן די מענלעכע באַפעלקערונג אויפן מאַרק, נישט דערלויבט איר זיך אָנטאָן, געשלאָגן מיט ביקסן און שטעקנס. אַ געוויסער אַלטער כץ, זעענדיק, וואָס עס קומט פאָר, איז אַנטלאָפן הינטער דער שטאָט. די דייטשן האָבן אים נאָכגעיאָגט, ער איז אַריינגעלאָפן אין טייך אַריין, זיי האָבן אים צעבראָכן אַ האַנט און אים צוריקגעפירט אין מאַרק אַריין. זיין מוטער זעענדיק, וואָס מען טוט מיט איר זון, האָט פון גרויס צרות באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און איז געשטאָרבן. דעם זעלבן טאָג, אַרום 10 אַזייגער אינדערפרי, האָט מען געבערענגט צוטרייבן אַ גרופּע יידן קיין מיענדזיגורזש. מען האָט זיי געיאָגט אַראָפּ צו דער אַרבעט. דער טאָג איז געווען זייער אַ הייסער, דער אָנפירער פון שטיינברוך, אַ דייטש גרון, האָט באַלד אָנגעהויבן די פרישע יידן שלאָגן אויף רעכטס און לינקס. ווען אַלטער קאַץ, וועמענס מוטער איז געשטאָרבן אויפן מאַרק פון אַ האַרץ־אַטאַק, האָט געבעטן, מען זאָל אים באַפרייען, ווייל ער האָט אַ צעקאַליעטשעטע האַנט, האָט ער אים נאָך מער געשלאָגן. מען האָט אויך געשלאָגן קראַנקע מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען ביי דער אַרבעט. דער אויפזעער קאָזלאָווסקי האָט צעשפּאָלטן דעם קאָפּ שמואל דענעמאַרקן. אַזעלכע עקסצעסן זיינען נאָכאַנאַנד פאָרגעקומען. גרון האָט געזאָגט, אַז קלעמענטאָוו איז דער ערשטער גיהנום און דאָ וועט מען אויסשלאָגן אַלע יידן. אַ סך זיינען פון דער אַרבעט אַנטלאָפן. דאַן האָט דער פּרעזעס מאָטל שולדמאַן גערופן אין יודנראַט מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט אַן איינפלוס אויף

דער עפנטלעכער מיינונג, צווישן אַנדערע אויך מיך. גלייכצייטיק האָט ער גערופן דעם קאָמענדאַנט פון דער פּוילישער פּאָליציי פּאַיאָנק. אין זיין אָנוועזנהייט האָט ער אונז אויף פּויליש דערקלערט, אַז מיר וועלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אָרדענונג און ער האָט אונז געוואָרנט, אַז פון היינט אָן, אויב אין שטאָט וועלן זיין אומצופרידענע שטימונגען אָדער אין פאַלן פון וואַרפן די אַרבעט, וועלן מיר פאַר אַלץ באַשטראָפט ווערן. איינער פון די גערופענע, אַ געוויסער טישלער, האָט זיך גאַנץ דרייסט אַנטקעגנגעשטעלט דעם פּרעזעס, דאַן האָט זיך אַריינגעמישט דער פּוילישער קאָמענדאַנט, וועלכער האָט אָנגעהויבן דראָען, אַז צווישן די יידן האָט זיך אַריינגעגנבעט קאָמונע און מען וועט זיי דערפאַר הענגען.

פון 11־טן אויגוסט 1940 יאָר האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַקציע אויף צו כאַפּן יידן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין בעלזשעץ, לובלינער וואָיעוואָדשאַפט. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן די פאַרברעכערישע ראָל פון שולדמאַנען. אין די שכנותדיקע שטעטלעך ווי סטאַשווו, קאָפּטשעוויניצע און אַנדערע, האָבן די פּרעזעסן פון די יודנראַטן געוואָרנט די יידישע באַפעלקערונג, זי זאָל זיך באַהאַלטן, ווייל עס דאַרף פאָרקומען אַן אָבלאַווע. דער קלעמענטאָווער פּרעזעס האָט אַנדערש געטאָן, ער האָט אַרויסגעגעבן אַן עפנטלעכע באַקאַנטמאַכונג, אין וועלכער עס איז געווען געשריבן, אַז ווער עס האָט נישט קיין אַרבעטס־צעטל פון די שטיינברוכן אין מיענדזיגוזש, מוז ביזן 26־טן אויגוסט צושטעלן זיך אין סאַנדאָמיר אין דייטשן אַרבעטס־אַמט, פון וואַנען מען וועט די געזונטע אַרויסשיקן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קיין בעלזשעץ, ביי דער סאָוויעטישער גרענעץ. אויב מען וועט זיך נישט צושטעלן צו דער קאָמיסיע, וועט מען ווערן באַשטראָפט מיט טויט־שטראָף. אויב דער גערופענער וועט אַנטלויפן, וועט ווערן דערשאָסן זיין פאַמיליע... אַזוי ווי איך האָב קיין קוויטל צו דער ארבעט אין מיענדזיגוזש נישט באקומען, (די צעטלען פלעגן מערסטנטייל באַקומען בלויז די נאָענטע פון פּרעזעס), האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין סאַנדאָמיר אויף דער

קאָמיסיע. איך האָב אָבער נישט באַוויזן זיך צוצושטעלן צו דער קאָמיסיע.

דאָס איז געווען זונטיק דעם 25־טן אויגוסט 1940, אַרום 10 אַזייגער אינדערפרי. איך בין געזעסן אין שטוב. אונזער וווינונג איז געווען אויפן מאַרק און איך האָב געקאָנט אָבסערווירן, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט. פּלוצלונג האָב איך דערזען, אַז פון דער זייט פון קלויסטער קומט צופאָרן אַ מאָטאָציקל מיט צוויי דייטשע זעל־נער אין העלמען מיט ביקסן אין פולער קריגס־גריייטקייט. נאָך דעם מאָטאָציקל האָבן זיך באַוויזן עטלעכע לאַסט־אויטאָס פול מיט נאַ־וואָפנטע זעלנער. די לאַסט־אויטאָס האָבן זיך צעוואָרפן אין אַלע גאַסן. די זעלנער, וואָס זיינען געווען אין מאָטאָציקל זיינען אַרויס און אָנגעהויבן צוזאַמענטרייבן די יידן אויפן מאַרק־פּלאַץ. עס זיינען צוגעקומען אַלץ מער יידן. מען האָט זיי אויסגעשטעלט. איך האָב גע־וואָלט אַרויסגיין, נאָר די מוטער האָט מיר געהייסן זיך באַהאַלטן. און עס איז מיר געלונגען. פון מיין באַהעלטעניש האָב איך געזען, אַז מען האָט צונויפגעקליבן אַלע יידן פון שטעטל אויפן פּלאַץ. די יידן, וועלכע מען האָט אַרויסגעצויגן פון באַהעלטענישן, האָט מען צונויפ־גענומען באזונדער און צוגעשטעלט זיי צום לייטענאַנט קנייפעלד, פאַר וועלכן דער זעלנער האָט ראַפּאָרטירט, ווו ער האָט געפונען דעם ייד. קנייפעלד האָט די אַלע, וואָס האָבן זיך פרייוויליק נישט צוגעשטעלט, באַפוילן צו געבן 25 שמיץ. די שטראָף האָבן אויס־געפירט צוויי זעלנער, וואָס זיינען געשטאַנען פוןביידע זייטן פון קרבן און האָבן געהאַקט מיט שטעקנס כמעט איבערן נאַקעטן לייב. די שטיינער זיינען געווען רויט פון בלוט. דאַן האָט מען אויסגע־קליבן 150 מאַן און אויף לאַסט־אויטאָס אַוועקגעשיקט קיין סאַנ־דאָמיר. אין סאַנדאָמיר האָט מען אַריינגעזעצט די יידן אויף אַ נאַכט אין תפיסה און צומאָרגנס זיי געשטעלט פאַר אַ קאָמיסיע פון אַר־בעטס־אַמט. די פאַמיליעס פון די אַרויסגעפירטע זיינען געלאָפן צו מאָטל שולדמאַן און צום קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי ישראל טענענוואָרצל, אַ געוועזענעם פּראָפעסיאָנעלן גנב. פאַר

שווערע טויזנטער האָבן זיי באַפרייט די פאַרמעגלעכע און די אָרעמע האָט מען אַוועקגעשיקט אין לאַגער אַריין. דער פּרעזעס מיטן קאָמענדאַנט האָבן דערביי געמאַכט אַ גוט געשעפט. (אויף דער פאַרזאַמלונג, ווו עס זיינען געקומען געזעלשאַפטלעכע פאָרשטייער, האָט דער פּרעזעס פון גמינע זיך אויסגעדריקט, אַז אין קלעמענטאָוו הערשט סאַבאָטאַזש. דאָס האָט ער געזאָגט אין געגנוואַרט פון קאָמענדאַנט פון דער פוילישער פּאָליציי).

# 3. די דייטשע אָרדענונג
# שטעלט זיך איין

דער לייטענאַנט קנייפעלד, דער קאָמענדאַנט פון שטאָט, האָט שרעקלעך געמאַטערט די יידן. ביי דער אַרבעט האָט ער זיי געהייסן לויפן, געשלאָגן. ווינטער 1940—41 יאָר איז ער מיט זיינע אָפיצירן אַריין אין די יידישע שטובן און זאָגנדיק, אַז עס איז אים הייס, אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער פאַרשידענע זאַכן און אויף אַזאַ אופן צעהאַקט די שויבן. ער האָט באַפוילן דעם יודנראַט פאַרוואַנד־לען די קליינע שול אין אַ תפיסה פאַר פאַרזינדיקטע יידן, וועלכע איז געווען ערגער ווי די ערגסטע תפיסות אין אַמאָליקן פוילן. עס איז ביים יודנראַט אַנטשטאַנען די יידישע פּאָליציי. דער אַפּאַראַט פון יודנראַט איז באַשטאַנען פון 60 מאַן, וועלכן די מאסע האָט גע־דאַרפט אויסהאַלטן. די לאַסט פון די שטייערן איז אויך געפאַלן אויף די אָרעמע. אַזוי צום ביישפּיל האָט די סאָציאַלע שוץ א סך אָפּגע־קאָסט די יידישע באַפעלקערונג. דער יודנראַט פלעגט אויך באַקומען שטיצע פון קראָקע, פון דער צענטראַלע*). נאָר אַלץ פלעגט אַריין אין דער קעשענע פון יודנראַט. דאָס צונויפנעמען די שטייערן פלעגט פאָרקומען אויף אַזאַ אופן: אין שטעטל איז געווען אַ בלינדער ייד מענדל מער. פאַר עטלעכע גראָשן, וואָס ער פלעגט באַקומען פון יודנראַט, פלעגט ער אויפן מאַרק אויסרופן, אַז ווער עס וועט

1) יידישע סאָציאַלע זעלבסטהילף (בקיצור פויליש Z.S.S. דייטש J.S.S.) פון קראָקע פלעגט מען באַקומען פון אַנהויב פאָנדן פון דער „נאַטשעלנאַ ראַדאַ אָפּיעקונטשאַ" N.R.O.

נישט באַצאָלן די שטייערן, — וועט געגומען ווערן אויף ארבעט. און טאַקע, מענטשן, וואָס פלעגן נישט צאָלן די שטייערן, פלעגט מען אַרויסשיקן אין שטיינברוך.

אין שטעטל זיינען געוועזן ביי צוויי הונדערט פליטים. זיי האָבן שרעקלעך געליטן, ספּעציעל די ווינער פליטים, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון עלטערע מענטשן. זיי פלעגן מאַסנוויז אויסשטאַרבן. ביים יודנראַט איז אָרגאַניזירט געוואָרן פאַר פליטים און פאַר דער אָרעמער באפעלקערונג א קיך. אָבער די אָרעמע פלעגן ווייניק וואָס באַקומען. דער אָנפירער פון דער קיך איז געוועזן דער שוועגער פון פרעזעס פון יודנראַט. ער האָט געטיילט די זופּ מיט דעם ברויט און דערביי שאַנטאַזשירט די פליטים, זיי זאָלן אים פאַרקויפן זייערע זאַכן. די נישט געהאָרכזאַמע פלעגט ער אָנגיסן אַ שיטערע זופּ, פאַקטיש וואַסער. מיטן אָנקומען פון די פליטים איז די ענגשאַפט צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג נאָך גרעסער געוואָרן. די רייכערע יידן, נישט וועלנדיק אַריינגעמען צו זיך אין שטוב פליטים, האָבן אָנגעהויבן שמירן דעם פרעזעס. איינער פלעגט אים געבן אַ שאַפע, דער צווייטער עפּעס אַנדערש. אויב עמיצער האָט נישט געקאָנט באַצאָלן קיין שטייערן, פלעגט מען אים אַלס שטראָף אַריינזעצן פליטים. די אָרעמע האָבן זיך אויף אַזאַ אופן אָנגעהויבן שטיקן מיט די פליטים. די רייכע האָבן ביזן לעצטן טאָג פון פאַרניכטונג געוווינט גראָם. צוליב דעם, וואָס מען האָט צוזאַמענגעשטופּט די פליטים אין ענגע דירות, צוליב מאַנגל אין זייף, איז צווישן זיי אויסגעבראָכן טיפוס און אַנדערע אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן.

דאַן איז אנטשטאַנען אַ באַזונדערע פּלאָג. דאָס איז געוועזן די סאַניטאַר־קאָלאָנע פון יודנראַט. קיין שטאָטישע באָד האָט מען אין באַוועגונג נישט געלאָזט. נאָכן אויסברוך פון עפּידעמישע קראַנקייטן פלעגן זיי אַריינוואַרפן דאָס ביסל זאַכן אין אַ מאַשין, וואָס פלעגט די זאַכן קאַליע מאַכן. אויף אַ ברוטאַלן אופן פלעגן זיי שלעפּן מענטשן צו דער אַנטלויזונג. קיין זייף האָבן זיי נישט געגעבן, נישט

געקוקט אויפן קאָנטיגענט. אויך די סאניטאר-קאָמיסיע פלעגט דער פּרעזעס אויסנוצן אלס בייטש קעגן דער באפעלקערונג. אויב עמי־צער איז געווען ווידערשפעניק, פלעגט מען אים דראָען מיט דער סאניטאר־קאָלאָנע. די סאַניטאַר־קאָלאָנע מיטן אָנפירער יאָסל קאָר־מעסער, ד״ר באנאך און לייזער האָכמאַן פלעגן נעמען אין האנט, פאַר נישט דורכפירן די דעזינפעקציע.

דער פּרעזעס מאָטל שולדמאַן האָט געהאַט אַ שיינע דירה. עס איז אים אָבער אַלץ ווייניק געווען. ער האָט געוואָרפן אַן אויג אויף דער דירה פון אברהם־יונה כץ, וואָס האָט געהאַט אַ גייסטיק קראַנקן זון. דער זון זיינער איז געשטאָרבן, און דער פּרעזעס האָט אים נישט דערלאָזט מקבר זיין, ביז וואנען כץ וועט נישט אָבטרעטן זיין דירה. דער מת איז געלעגן צוויי טעג און נאָכדעם האָט מען כצן אַריינגעוואָרפן אין אַ פוסטער יאַטקע און דער פּרעזעס האָט פאַרנומען זיין דירה.

דער אַרבעטס־אַמט פלעגט דאַרפן צושטעלן פאַר די דייטשן טעגלעך אַ באַשטימטע צאָל יידן צו דער אַרבעט. ווינטער צ. ב. פלעגט מען דאַרפן אָפּרייניקן דעם שאָסיי קלעמענטאָוו—אָפּאטאָוו. אָנגעפירט האָט מיט דער אַרבעט דער לייטענאַנט קנייפעלד. די פאַר־מעגלעכע פלעגן נישט קאָנען, ווי אין אַנדערע שטעט, דינגען פאַר זיך אַ מענטשן, נאָר זיי פלעגן מוזן איינצאָלן אַ געוויסע סומע אין יודנראַט, וועלכער פלעגט כמעט אומזיסט נעמען אַ מענטשן אויף זייער אָרט. אויף אַזאַ אופן פלעגן רייכע ווערן שאַנטאַזשירט דורכן יודנראַט, כדי זיי צו צווינגען זיי זאָלן נישט גיין צו דער אַרבעט, נאָר זיך אויסקויפן, פלעגט דער יודנראַט זיך באַנוצן מיט אַזעלכע מיטלען: ביינאַכט פלעגט דער יודנראַט נעמען די יידישע מיליץ און אונטער דער אָנפירערשאַפט פון וואָוטשע פיינטוך האַקן שויבן ביי די רייכע יידן.

# 4. די יידישע פּאָליציי

יידן האָבן נישט געוואָלט גיין אין דער יידישער פּאָליציי. זי איז דאָס רוב באַשטאַנען פון געוועזענע גנבים, פון וועלכע די יידישע באַפעלקערונג האָט געהאַט אויסצושטיין אַן אַ שיעור צרות. אויב אַ פּאָליציאַנט פלעגט פּאַקן אַ יידן נאָך 8 אַזייגער אין אָוונט, האָט ער געמוזט באַצאָלן אויסלייז־געלט. די פּאָליציי פלעגט נעמען פּאַנטן ביי די, וואָס פלעגן נישט צאָלן קיין שטייערן. אין אַלגעמיין פלעגט די יידישע פּאָליציי אויספירן אַלץ, וואָס דער יודנראַט האָט געפּאָדערט. אויסער אויפמאָנען שטייערן, פלעגט זי צוזאַמענטרייבן יידן אויף אַרבעט. מער פון אַלע האָט זיך אויסגעצייכנט יאַנקל גרינשטיין. איך אַליין האָב געזען, ווי אַזוי ער האָט געשלאָגן אַ יידישן פליט. אפילו די יודנראַטניקעס האָבן נישט געקאָנט צוזען די מערדעריי, מיט וועלכער ער האָט דעם יידן געשלאָגן. אין שכנות מיט מיר האָט געוווינט אַ שניידער פון קאַליש. געוווינט האָט ער אין אַ קליין געוועלבל, געהאַט אינטעליגענטע קינדער. איינמאָל איז דער ייד געשטאַנען עטלעכע מינוט נאָך דער פּאָליציי־שעה אין דער טיר פון געוועלב. גרינשטיין איז צוגעגאַנגען צו אים און אים אַזאַ קלאַפּ געגעבן, אַז ער האָט זיך גלייך באַגאָסן מיט בלוט. ווען די טאָכטער פון שניידער, וואָס האָט בייגעוווינט די סצענע, האָט געפרעגט גרינשטיינען, פאַרוואָס ער שלאָגט איר טאַטן, האָט ער אָנשטאָט אַן ענטפער, געגעבן איר אַזאַ זעץ אונטערן האַרצן, אַז פון יענער צייט אָן האָט זי שטענדיק געקרענקט. אַזוי ווי נאָך אַכט אַזייגער פלעגן זיך יידן נישט באַווייזן אין גאַס, האָט דאָס אויסגענוצט די יידישע פּאָליציי פאַר אירע פינצטערע געשעפטן. אַזוי האָט די פּאָליציי באַגנבעט דעם שניט־סוחר יוסף ראָזענבלום אויך ביי אַ

צווייטן מאַנופאַקטור-סוחר ווינער און אַנדערע האָבן זיי דורכגעפירט גנבות. געמאַכט האָט מען דאָס שטיקל אַרבעט בשותפות מיט אַ פוילישן פּאָליציאַנט. מענטשן פלעגן שרייען, אַז מען דאַרף גיין זיך קלאָגן צום קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי טענענווורצל, וועלכער איז אַליין געווען אַ טונקעלער פּאַרשוין. פאַרשטייט זיך, אַז עס האָט גאָרנישט געהאָלפן.

דעם 25־טן דעצעמבער 1941 האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז יידן מוזן אָפּגעבן זייערע פוטערס. מען האָט אַרויס־געהאָנגען מעלדונגען, אַז פאַר נישט אָפּגעבן דאָס פוטער דראָט טויט־שטראָף. באַלד אויפן אָרט איז די יידישע פּאָליציי צוזאַמען מיט דעם זעלבן פוילישן פּאָליציאַנט קאָזלאָווסקי, וואָס האָט באַ־גנבעט די יידן, באַפאַלן דעם ייד משה טערקעלטויב, אַראָפּגעריסן פון אים אַ פוטער און שטאַרק צעשלאָגן. דעם זעלבן טאָג האָט דער פרעזעס פון יודנראַט שולדמאַן מיטן קאָמענדאַנט פון דער פּוילישער פּאָליציי פּאַיאָנק גערופן די יידישע באַפעלקערונג אויף אַ פאַרזאַמ־לונג אויפן שול־פּלאַץ. ביידע האָבן זיי גערופן די יידישע באַפעל־קערונג אָפּצוגעבן די פוטערס. כדי אויסצופירן דעם באַפעל האָט דער יודנראַט געשאַפן אַ פוטער-קאָמאַנדאָ, אין וועלכער עס זיינען אַריין יידישע פּאָליציאַנטן און ווילדע יונגען. די פוטער־קאָמאַנדאָ האָט זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער שטאָט. אויב עס איז געווען אַ ייד, וואָס האָט געוואָלט זיין פוטער פאַרקויפן אַ פּאָליאַק, אָדער אויסבאַהאַלטן, האָבן זיי מיט טעראָר און געוואַלט עס אַרויסגעריסן. אַזוי צום ביישפּיל איז צו דער פרוי ראָכטשע דאָמבראָווסקא, וואָס האָט געהאַט אַ קאַראַקול־פּאַלטן, אַריין דער וויצע־פרעזעס משה פענטשינא מיט דער גאַנצער באַנדע, דעמאָלירט די גאַנצע ווירט־שאַפט אין דער שטוב און זי געצוווּנגען אָפּצוגעבן דאָס פוטער. ביי אַן אַנדערער פרוי איז געשען אַזאַ פאַל: איר מאַן איז געווען פון פאַך אַ קירזשנער. ער האָט פונקט געהאַט אין דער אַרבעט אַ לאַפּ־קאָווע פוטער, וועלכן עס האָט אים געגעבן אַ געוויסער פּאָליאַק. זי האָט אויך געהאַט איר אייגענעם סקונקסענעם קאָלנער איז

אַריין די באַנדע און צוגענומען דעם מאַנטל מיטן קאָלנער. די פרוי איז געגאַנגען צו דעם פּאָליאַק און געבעטן אים, ער זאָל גיין אין יודנראַט און מעלדן, אַז דער מאַנטל איז זיינער. גלייכצייטיק האָט זי אים געבעטן, ער זאָל זאָגן, אַז דער סקונקסענער קאָלנער איז אויך זיינער. ער האָט טאַקע אַזוי געטאָן און מען האָט אים דעם מאַנטל אַרויסגעגעבן. נאָר ווען עס איז דערגאַנגען צום סקונסענעם קאָלנער, איז געשען אַנדערש. אין יודנראַט איז געזעסן דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי און האָט געזאָגט דעם פּרעזעס פון יודנ־ראַט: „איר דערקענט נישט, ווענעמס דער קאָלנער איז?" און מען האָט איר דעם קאָלנער צוגערויבט. דער פּרעזעס פון יודנראַט האָט באַקומען פון דער דייטשער מאַכט אַ דאַנק, אַז ער האָט די אַקציע דורכגעפירט בעסער, ווי זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט.

עס האָט זיך אָנגערוקט דאָס 1942 יאָר. סוף מערץ האָט מען שוין אָנגעהויבן פילן, אַז עס גייט צו אַ קאַטאַסטראָפע. מען האָט שוין געהערט שרעקלעכע ידיעות וועגן שטעטל מעלעץ*) און וועגן לובלין. יידן האָבן פּרובירט אויפקלערן די סיבה פון אויסזידלונג פון יידן אין מעלעץ מיט דעם, אז אין מעלעץ איז די אויסזידלונג פאָרגעקומען אויסנאַמס־פאַל, ווייל די יידן האָבן דאָרטן אומלעגאַל געמאַכט געשעפטן אויפן פלי־פּלאַץ מיט די דייטשן. די זעלבע פאַרענטפערונגען האָט מען געזוכט פאַר לובלין. אויף אַזאַ אופן האָט מען זיך אַליין געוואָלט באַרויקן. אָבער אינסטינקטיוו האָט מען זיך געפילט אין אַזאַ לאַגע פונקט ווי אַ שלאַנג וואָלט זיך אַרומגעוויקלט אונז אַרום האַלז און עס מוז קומען דער מאָמענט פון דערשטיקונג.

ביז דאַן איז אין קלעמענטאָוו קיין גזירה נישט געווען.

דעם 11־טן אַפּריל 1942 יאָר האָט מען אָנגעקגעשטעלט סלופּעס מיט אויפשריפטן: „וווינונגס־באַצירק פיר יידן. דאָס איבערטרעטן

1) אין מערץ איז פאָרגעקומען אַ אויסזידלונג פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין שעדלעץ. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון די מאַסן־אַקציעס, וואָס האָבן דערנאָך אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע באַזעצטע געביט (ג.ג.)

וערט מיט טויט באַשטראָפט". אַלע צוויי וואָכן פלעגט מען די סלו-
פעס אַלץ מער צונויפרוקן, כדי מאָראַליש אַלץ מער צעברעכן די
יידן. מען האָט אַרויסגעגעבן באַפעלן, אַז אַ ייד טאָר נישט גיין אין
דאָרף אַריין. דאָס האָט נאָך מער צעבראָכן די יידן. אַ סך אָרעמע
יידן פלעגן פאָרט ריזיקירן און כדי צו פאַרדינען אַ שטיקל ברויט,
גיין אין דאָרף מיט גאַלאַנטעריע. ווען מען פלעגט אַזאַ יידן כאַפּן,
און דאָס איז נישט איינמאָל געשען, פלעגט מען אים דערשיסן. אַזוי
האָט מען דערשאָסן דעם קאַלישן פליט רונדענבאָק, שרה קעזמאַן,
אַ געוויסן קאָווקע. די וואָך פון שבועות איז אַרויסגעגעבן געוואָרן
אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון די דערפער מוזן פאַרלאָזן זייערע ווױ-
נונגען און אַריבערפאָרן אין די שטעטלעך אין געטאָס. אַדאַנק
דער גזירה אויף די דאָרפישע יידן, איז צו אונז אין שטעטל צוגע-
קומען נאָך 500 יידן.

דער ערשטער גרעסערער אומגליק איז געשען סוף אויגוסט
1942 יאָר. פון אַ געווער-פאַבריק אין סקאַרזשיסקאָ איז אַנטלאָפן
משה ראָזנגאַרטן, וועלכער איז געקומען צוריק אין שטעטל צו זיין
פאָטער. דער פאָליציי-קאָמענדאַנט פון אָפּאַטאָוו האָט געקלונגען
וועגן דעם פאַל אין קלעמענטאָווער יודנראַט און אויפגעפאָדערט דעם
ראַטמאַן וואָווטשע פיינטוך, וועלכער האָט אויפגענומען דעם טע-
לעפאָן, פאַרהאַלטן ראָזנגאַרטענען. די יידישע פאָליציי האָט אים
אַרעסטירט און אים אַוועקגעפירט אין דער יידישער תפיסה. דאַן
איז צו דער תפיסה צוגעקומען זיין גאַנצע פאַמיליע צוזאַמען מיט
זיין כלה און מיט אַ האַק אויסגעהאַקט די פענצטער, ער זאָל קאָנען
אַנטלויפן. צוהילף דער יידישער פאָליציי איז געקומען דער פּוי-
לישער פאָליציאַנט פאַרנאַלטשיק. אָבער ראָזנגאַרטן האָט זיך פון
אים נישט געלאָזט. ער האָט דעם פוילישן פאָליציאַנט געוואָרפן
אויף דער ערד. מען האָט ראָזנגאַרטענען אָנגעטאָן קייטן אויף די
הענט און געלאָזט אין תפיסה. גלייכצייטיק האָט מען אַרעסטירט
זיין כלה. זי האָט אים אויסגעטאָן די קייטן פון די הענט, זיי האָבן

אויסגעהאַקט אַ פענצטער און אַרויס. דאָן האָט דער פּאָליציאַנט פאַרנאַלטשוק טעלעפאָנירט אין דער קרייז־זשאַנדאַרמעריע, אַז אין קלעמענטאָוו האָבן זיך יידן צעבונטעוועט און 70 יידן זיינען אים אויפן שול־הויף באַפאַלן. די יידישע באַפעלקערונג האָט דערפילט, אַז עס רוקט זיך אָן עפּעס שרעקלעכעס. די פאַמיליע. פון אַנטלאָפענעם האָט דעמלט געאַרבעט ביים טייך. מאָנטיק פאַר נאַכט האָט די יידישע פּאָליציי אַרעסטירט זיין פאָטער און מוטער יאנקל און רחל ראָזנגאַרטן, זיין פעטער זעליג ראָזנגאַרטן מיט דער פרוי שרה ראָזנגאַרטן און זייער טאָכטער מיטן מאַן פייוויש טשעפּאַנאָווסקי, זייער קוזין משה ראָזנגאַרטן ווי אויך זיין מומע, דעם צווייטן פעטערס פרוי דאָברעלע ראָזנגאַרטן מיט איר זון חיים־ניסן ראָזנגאַרטן, זיין פאָטערס אַ ברודער חיים ראָזנגאַרטן און צוויי שוועסטער, פּליטים פון טאַרנאָבזשעג, וואָס זיינען געווען אין מחותנימשאַפט מיט דער פאמיליע ראָזנגארטן. מען האָט אויך אַרעסטירט זיין כלה, וועלכע מען האָט געפונען. צוזאַמען זיינען זיי געווען 14 מאַן אַרעסטירטע. מיטוואָך, דעם 2־טן סעפּטעמבער 1942 יאָר אינדערפרי איז אָנגעקומען אַן אויטאָ מיט זשאַנדאַרמעריע פון סאַנדאָמיר מיטן באַוווסטן יודנפרעסער דעם דייטשן זשאַנדאַרם מייסטער לעשער, דעם קאָמענדאַנט פון דער זשאַנדאַרמעריע דאָלמייער, דעם זשאַנדאַרם קאַראָל און אַ דייטש, אַ געוו. בוכאַלטער פון לאָדזש, מייזער. זיי האָבן באַפוילן אַרויספירן די 14 יידישע קרבנות. מען האָט זיי געבראַכט צופירן אין דער שענסטער אַלעע, ווו די יידן פלעגן אַמאָל שפּאַצירן, ווו עס פלעגט זיך אַמאָל הערן דאָס געלעכטער פון דער יידישער יוגנט, און דאָרט האָט מען זיי געשאָסן. דער יודנראַט האָט באַלד אַראָפּגעבראַכט יידן מיט לאָפּאַטעס און מען האָט זיי באַגראָבן. איינעם פון די אַרעסטירטע, דעם 16־יעריקן יינגל חיים־ניסן ראָזנגאַרטן, וואָס האָט נישט געוואָלט אַרויסגיין פון דער תפיסה, האָבן די דייטשן געהרגעט אין דער תפיסה.

דער יודנראַט האָט שפּעטער איבערגעגעבן דער באַפעלקערונג, אַז נאָכן דורכגעפירטן מאָרד האָבן די זשאַנדאַרמען טעלעפאָנירט

קיין אָפּאַטאָוו, אַז זיי האָבן געהרגעט 14 מענטשן און מען האָט זיי געענטפערט, אַז עס איז ווייניק, אַז מען דאַרף צעשיסן נאָך 20 מענטשן. אויפן באַפעל פון די דייטשן האָט דער יודנראַט צוזאַמען מיט דער יידישער פּאָליציי זיך אַרויסגעלאָזט אין שטאָט, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג נאָך יידן. צווישן אַנדערע האָט מען געכאַפּט אַ מיידל פון גריצע, וואָס האָט זיך שטאַרק געווערט קעגן די יידישע פּאָליציאַנטן. מיט אַ גראָב שטיק האָלץ האָבן זיי איר געשפּאָלטן דעם קאָפּ. זי האָט זיך אָבער אַלץ נישט געלאָזט און זיי האָבן זי געמוזט אָפּלאָזן. מען האָט געכאַפּט אַ ווינער פרוי, וועלכע האָט זיך דערנערט פון דעם, וואָס זי האָט געטראָגן וואסער איבער די הייזער. איין יידישער פּאָליציאַנט איז אריין אין דער שטוב פון צוויי שוועסטער אלטער פון קאליש, ער האָט זיי אַרויסגענאַרט פון שטוב אונטערן אויסרייד, אַז אין יודנראַט ליגט פאַר זיי אַ בריוו פון קאַליש, וועלכן זיי דאַרפן גיין אָפּנעמען. אויף דער גאַס האָבן זיי דערפילט אַז עס קומט פאַר עפּעס שרעקלעכס און זיי האָבן געוואָלט גיין צוריק אהיים. אָבער ער האָט זיי נישט געלאָזט און געשלעפּט זיי מיט געוואלד. דאָס זיינען געווען שיינע אינטעליגענטע מיידלעך. זייער פאָטער איז געווען אַן אַדוואָקאַט. מען האָט זיי איינגעזעצט אין דער יידישער תפיסה. די יידישע פּאָליציי האָט געכאַפּט אַ ווינער פליט לודוויג זאלצער, וואָס האָט פאַרבראַכט 6 מאָנאַטן אין דאַכאַו. דאָס איז געווען אַ פיזיש און גייסטיק צעבראָכענער מענטש. ער האָט געטראָגן אַן אייזערנעם פּאנצער, ווייל די ס. ס.-לייט האָבן אים אין דאכאו צעבראָכן די זשעברעס. אַזוי האָבן זיי געכאַפּט 20 מענטשן צומיינסט פון די פליטים, אָרעמעלייט און קראַנקע. פאַרנאַכט אַרום 6—7 אַזייגער, ווען איך בין געזעסן אין שטוב, האָב איך דערזען, אַז די זשאַנדאַרמען זיינען אַרויס פון זייער קוואַרטיר מיט ביקסן אויף די פּלייצעס. אין באַגלייטונג פון דער פּוילישער פּאָליציי זיינען זיי אַוועק אין דער ריכטונג צום שול-פּלאַץ, וווּ עס זיינען אינם קליינעם שולעכל, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ תפיסה, געזעסן די אומגליקלעכע. מען האָט זיי געהייסן אַרויספירן פון דער

תפיסה. דער יידישער פּאָליציאַנט פּוטערמילך פון לאָדזש איז אַריינגעגאַנגען צו זיי, האָט זיי גרופּנווייז צו 6—7 מאַן צונויפגעבונדן די הענט און צוגעפירט צו דער גרויסער שול. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי. אַזוי האָט מען אלע געשאָסן. די צוויי שוועסטער אלטער האָבן זיך באהאלטן אונטער אַ פּריטשע און צום שיסן זיינען געווען גאָר 18 מענטשן. דאַן האָט זיך אַ פּוילישער פּאָליציאַנט אָנגערופן, אַז אין דער פּוילישער תפיסה זיצן פּונקט צוויי יידן מענדל מארץ און דוד זילבערשטיין, קאָן מען זיי נעמען. די דייטשע זשאנדארמעריע האָט זיי באפוילן ברענגען און זיי געהייסן שיסן. אין צווישנצייט האָט מען געפונען די צוויי שוועסטער אלטער. מען האָט זיי אַרויסגענומען און צוזאַמען מיט די איבעריקע געשאָסן. אין עטלעכע מינוט ארום איז געקומען דער פּוילישער פּאָליציאַנט און געבערענגט די צוויי יידן פון דער פּוילישער תפיסה. איינער פון זיי, דוד זילבערשטיין, זעענדיק וואָס עס גרייט זיך, האָט אָנגעהויבן בעטן: „איך בין אומשולדיק, לאָזט מיך לעבן". אָבער עס האָט גאָר נישט געהאָלפן, מען האָט זיי געשאָסן. אַזוי אַרום זיינען אומגעקומען 22 מענטשן. באַלד נאָכדעם האָט מייסטער לעשער גערופן דעם יודנראַט און געהאלטן פאר זיי אַ רעדע, אַז ער ווייסט, אַז די געשאָסענע זיינען געווען אומשולדיק. ער האָט געזאָגט, אַז פון היינט אָן זאָל דער יודנראַט באַשטימען אויף פּאָליציי-פּאָסטנס ענערגישע מענטשן, אַז עס זאָלן זיך מער נישט איבערחזרן אַזעלכע פאלן ווי ביז איצט, אַז יידן זאָלן אָנפאלן אויף אַ פּוילישן פּאָליציאַנט.

די וואנט פון דער שול, ביי וועלכער עס איז פאָרגעקומען די עקזעקוציע פון די 22 יידישע קדושים, איז געווען באשפּריצט מיט יידיש בלוט, און וואנט זיינען ביזן היינטיקן טאָג געבליבן לעכער נאָך די קוילן. עס איז אין יענעם טאָג פאַריתומט געוואָרן אַ 13-יעריק יינגעלע, וועמענס מוטער עס איז געשאָסן געוואָרן. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט ביי דער טיר פון יידישן כאַפּער כיל ראַפּאָפּאָרט, וועלכער האָט געכאַפּט זיין מוטער. ער האָט געוויינט און געשריגן: „פאַרוואָס האָט מען מיין מאַמען געשאָסן? וואָס איז, אַז זי האָט

געטראָגן אַ צעריסענעם שאַליק? זי האָט דאָך קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן". זיין געוויין האָט אַרויסגעקלונגען פון אלעמענס יאָ־מער. אַממערסטן שרעק האָט די אַקציע אַרויסגערופן ביי די ווינער פליטים, ווייל צווישן זיי זיינען געווען צומיינסטן קרבנות. באַלד נאָך דער עקזעקוציע האָט די זשאנדארמעריע באַפוילן, אַז די יידישע פּאָליציי זאָל אָנטאָן ספּעציעלע היטלען.

ווי איך האָב שוין איבערגעגעבן, איז אין קלעמענטאָוו קיין געטאָ נישט געווען צוליב דעם, וואָס 75 פּראָצענט פון דער שטעטל־דיקער באַפעלקערונג זיינען געווען יידן. טעכניש איז עס געווען זייער שווער דורכצופירן.

דעם 3-טן סעפּטעמבער, דאָנערשטיק ארום 11 אַזייגער ביי־טאָג האָט זיך באוויזן דייטשע זשאַנדאַרמעריע אין באַגלייטונג פון דער יידישער פּאָליציי. זיי האָבן אָנגעהויבן מעסטן די גאסן ביי יעדן ראָג. נאָך זייער אַוועקפאָרן, האָט מען זיך דערוווסט, אַז יידן וועלן נישט טאָרן גיין אין מאַרק. יידן, וואָס האָבן געוווינט אין מאַרק, האָבן געדאַרפט גיין הינטן אַרום. יעדן טאָג פלעגן קומען שרעק־לעכע ידיעות פון אַנדערע דיסטריקטן. אין אַ געוויסן שבת איז גע־קומען צו לויפן אַ מיידל פון ווארשע און דערציילט וועגן דער אויס־זידלונג, אָבער מענטשן האָבן איר נישט געגלויבט. דעם צווייטן שבת איז אריינגעפאָרן אַ פור, אויף וועלכער עס זיינען געזעסן יידן פון אַ קליין שטעטל ביי דער ווייסל. זיי זיינען אנטלאָפן פון אַן אויס-זידלונג. זיי האָבן זיך געבעטן ביים יודנראַט, ער זאָל זיי דערלויבן צו פארבלייבן אין שטאָט, אָבער דער יודנראַט האָט זיי נישט דער־לויבט און זיי זיינען אַוועק אין אן אומבאַקאַנטער ריכטונג. מען האָט פאַראָרדנט, אַז אַלע יידן פון 16 ביז 60 יאָר דארפן זיך רעגיסטרירן, זיי האָבן באקומען פון דייטשן אַרבעטס-אַמט אַ רויטע קארטע מיט אַ פאָטאָגראַפיע, געשטעמפּלט פון דייטשן אַרבעטס־אמט אין אָסטראָ־וויעץ. די אַלע, וואָס האָבן געהאַט קארטן, האָבן זיך געמוזט רע-גיסטרירן 2 מאָל אַ וואָך. מענטשן אריבער 60 יאָר זיינען ארומ־געגאַנגען אָן קעפּ. זיי האָבן געוואַרט אויפן טויט. יעדער האָט זיך

געוואָלט פּאַרזיכערן מיט אַן אַרבעטס־פּלאַץ. מען האָט אָנגעהויבן אויסארבעטן שטרויענע שיך פאַר מיליטער. מענטשן האָבן זיך געריסן צו דער אַרבעט. שפּעטער האָט מען אויפגעשטעלט אַ שניידער־שאָפּ. אין די שכנותדיקע שטעט ווי סטאַשאָוו, זיינען די שאָפּן באַשטעטיקט געוואָרן דורך די דייטשן. דאקעגען אין קלעמענטאָוו איז פון די שאָפּן גאָרנישט געוואָרן, ווייל די דייטשן האָבן זיי נישט אָנערקענט און דאָס האָט פאַרגרעסערט די צאָל יידן, וואָס זיינען אַרומגעקומען געוואָרן פון דער אויסזידלונג.

יידן האָבן געזוכט עצות וואָס צו טאָן, ווי זיך צו ראטעווען. אין קלעמענטאָוו איז געווען אַ לאגער פאר פּויערים, וואָס האָבן נישט צוגעשטעלט קיין קאָנטיגענטן. זיי האָבן געאַרבעט ביי מעליאָראַציע. האָט זיך געשאפן אַ מעגלעכקייט באַשעפטיקן אויך יידן ביי מעליאָראַציע. אָבער נישט אַזוי לייכט איז געווען דאָרטן אָנצוקומען. אַהין האָבן נאָר באקומען צוטריט די פאמיליעס פון די יודנראַטניקעס און עס האָט נישט געהאָלפן דאָס געשריי פון די אָרעמע לייט אַז די גאנצע צייט האָט מען זיי געטריבן צו דער ארבעט און איצט לאָזט מען קיינעם פון זיי נישט צו. דער פּרעזעס פון יודנראט האָט אויפן שול־פּלאַץ ביים בית־המדרש איבערגעלייענט אַ ליסטע פון די, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרן צו דער ארבעט. אויף דער ליסטע זיינען געווען נעמען פון אַזעלכע, וואָס האָבן פאר דער גאנצער צייט פון אָקופּאַציע נישט געאַרבעט. די פאַרביטערונג פון דער מאסע איז געווען אומגעהויער. דאַן האָט דער ראַטמאַן אייזנבוך הארצקע, וואָס האָט געלייענט די ליסטע, געזאָגט: „וואָס פאַרא טענות האָט איר צו אונז, אין דער ערשטער ריי מוזן מיר זיך פאַרזאָרגן, אונזערע ברידער און שוועסטער". די „גליקלעכע" זיינען באלד אַוועק מיט שפּאדלעס צו דער ארבעט און דאָס פּראָסטע פאָלק האָט מיט קנאה זיי נאָכגעקוקט. אָבער דאָס ארבעטס־אָרט ביי מעליאָראַציע איז נאָך נישט געווען באַשטעטיקט. די דייטשן האָבן אָבער געלאָזט יידן אַרבעטן, כדי זיי איינצושלעפּערן. עס איז אַוועק אַ געוויסע צייט און די פּריווילעגירטע וואָס זיינען געגאנגען צו דער ארבעט האָבן דער־

זען, אז עס לוינט נישט די גאַנצע מעשה, ווייל אלץ איינס איז [illegible] אַרבעטס־פּלאַץ דורך די דייטשן נישט באַשטעטיקט, איז עס זיי פאַרמיאוסט געוואָרן און מען האָט צו דער אַרבעט אָנגעהויבן שיקן אַנדערע. און ווייטער האָט די יידישע פּאָליציי אָנגעהויבן שלעפּן די אָרעמע צו דער אַרבעט. פון דעמלט אָן בין איך שוין ביזן לעצטן טאָג פון דער אויסזידלונג געגאַנגען צו דער אַרבעט.

אין אַ געווויסן זונטיק, דעם 2 יולי 1942 יאָר נאָענט פאַר דער אויסזידלונג איז אַ דייטשע שטראָף־עקספּעדיציע אָנגעקומען קיין סאַנדאָמיר און ארויף אין יודנראַט. זיי האָבן געפאָדערט, אַז אין משך פון אַ האלבער שעה זאָל זיך דער גאַנצער יודנראַט צוזאַמענקומען. נישט אַלע האָבן זיך צוגעשטעלט צו דער באַשטימטער שעה. עס האָט געפעלט דער וויצע־פּרעזעס אַפּפעלבוים. זיי האָבן נישט לאַנג געקלערט, זיי האָבן געהייסן דעם פּרעזעס פון יודנראַט אַדוו. גאָלדבערג אַרויסגיין. ער איז ארויס און זיי האָבן אים געשאָסן. זיי זיינען אַריין צוריק און געזאָגט: „דער הונט איז דערשאָסן”. זיי האָבן געפאָדערט, מען זאָל זיי צושטעלן דעם וויצע־פּרעזעס. די זשאַנדאַרמעריע האָט זיך געלאָזט אים זוכן. געפּאַקט אים אין אַ דאָרף אַכט קלמ. פון סאַנדאָמיר און אים דערשאָסן. ביזן היינטיקן טאָג ליגט ער באַגראָבן אין דעם דאָרף סאַמבאָרצע. אַן ענלעכער פאַל איז פאָרגעקומען אין קאָפּשאָוויצע, ווו זיי האָבן געשאָסן 10 מיטגלידער פון יודנראַט און אויך אַנדערע יידן. קיין אָסטראָוויעץ זיינען זיי געקומען מיט אַ ליסטע. זיי האָבן זיך געהייסן ברענגען אַ געווויסן פאַנצער, ווען מען האָט אים נישט געבראַכט, האָבן זיי זיך געלאָזט פירן צו אַן אַנדערן פאַנצער און אים געשאָסן. גלייכצייטיק האָבן זיי געשאָסן יידן אין גאַס. זיי האָבן צווישן אַנדערע פאַרווונדעט אַ יידיש יינגל. אַ יידישער פעלדשער פון שפּיטאָל האָט דעם יינגל געגעבן הילף. די רוצחים זיינען אוועק אין שפּיטאָל און געשאָסן דעם יינגל מיט דעם פעלדשער. אין סטאָפּניץ זיינען זיי אין סדר־נאַכט געקומען אין שטעטל אריין צום פּרעזעס פון יודנראַט און געשאָסן אים מיטן זון.

זיי האָבן פארברענט דאָס שטעטל איוואניסקאָ און צוויי הונ-דערט ייִדן פון שטעטל אַריינגעטריבן צו אונז. אַזוי, האָבן זיי גע-ווילדעוועט נישט לאָזנדיק איין טאָג אָפּאָטעמען פריי.

די אַלע צרות האָבן נישט געלערנט דעם קלעמענטאָווער יודנ־ראַט, זיי האָבן זיך נאָך אלץ איינגערעדט, אַז זיי וועלן בלייבן יחסנים ביי די דייטשן. אין אַזאַ שרעקלעכער צייט, ווען אין די אַרומיקע שטעטלעך זיינען אַפילו אַ סך מיטגלידער פון יודנראַט געשאָסן געוואָרן, האָבן זיי נאָך אלץ געטראַכט ווי אזוי רייכער צו ווערן. פונקט ווי אַרום וואָלט נישט געברענט. לעצטנס האָט זיך דער יודנראַט באַנוצט מיט אזעלכע מעטאָדן: אַזוי ווי צוליב רדיפות זיינען די פארמעגלעכע אַרויסגעפאָרן אין אַנדערע שטעטלעך, האָט דער יודנראַט אַרויסגעגעבן אַ פאראָרדענונג, אז פאַר פאַרלאָזן די שטאָט אָן אַ דערלויבעניש פון יודנראַט קומט צו צאָלן 100 זל. שטראָף. אויסער דעם האָט דער יודנראַט אַרויסגעשיקט צעטלען צו עטלעכע און צוואַנציק פעי־זאָן, אָנגעזעענע תושבים פון שטעטל, אַז אין פאל פון וועלכע נישט איז געשעעניש אין שטעטל, אין פאל ווען זיי וועלן זיך נישט אונטעראָרדענען די באַפעלן פון יודנראַט, וועט מען נעמען ערבות־לייט (זאקלאדניקעס).

# 5. עס הויבט זיך אָן

ערב סוכּות האָט זיך ביי אונז אין וואַרשטאַט געמאַכט אַן אַנצוג דער קאָמיסאַר פון מיל. ערב יום־טוב פאַרנאַכט איז אַ טרעגער געקומען צו מיר צולויפן און האָט מיר געזאָגט, אַז דער קאָמיסאַר דאַרף מיך האָבן. אינצווישן איז אָנגעקומען דער קאָמיסאַר מיט אַ זשאַנדאַרם. ביידע זיינען געווען שיכּור. דער קאָמיסאַר האָט צו מיר געזאָגט: „גיב מיר אָפּ צוריק דעם אַנצוג, ווייל 3 אַזייגער ביינאַכט וועט זיך אָנהייבן"... מיין פאָטער איז געווען פּונקט אין שול. איך האָב דעם קאָמיסאַר אַוועקגעגעבן דעם אַנצוג. ער האָט מיר נאָכאַמאָל געוואָרנט: „גיט אַכטונג, ווייל 3 אַזייגער וועט זיך אָנהייבן דאָס רוימען".

איך האָב געשיקט נאָכן טאַטן. אין שטוב איז געוואָרן תּשעה־באָב. מען האָט זיך אָנגעהויבן פּאַקן. איך בין אַוועק צו פּנחס גאָלדבלום, אַ פּריינט פון פּרעזעס און אים דערציילט וועגן דעם קאָמיסאַרס וואָרנונג, גלייכצייטיק האָב איך אים געבעטן, ער זאָל זיך דערוויסן ביים פּרעזעס, וואָס ער ווייסט. אָבער דער פּרעזעס האָט געזאָגט אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, מען זאָל זיך נישט רעכענען מיט די ווערטער פון אַ שיכּורן גוי. אין דעראַמתן האָט דער פּרעזעס אַלץ געוווּסט. דאָס בין איך זיכער אויפן סמך פון די אָבסערוואַציעס, וועלכע איך האָב געמאַכט.

נישט ווייט פון אונז איז געווען דער פּאָסטערונעק פון דער יידישער פּאָליציי און דער פּרעזעס האָט אויך געוווינט אין מאַרק. איך, נישט האָבנדיק קיין צוטרוי צו די ווערטער פון פּרעזעס, האָב

זיך נישט געלייגט שלאָפן. איך האָב געזען, אַז ביים פּרעזעס האָבן זיך ביז שפּעט אין דער נאַכט געדרייט יודנראַטניקעס. איך בין געזעסן ביים פענצטער ביז דריי אַזייגער ביינאַכט. דריי אַזייגער איז נאָך געווען שטיל, אָבער באַלד ווי דער זייגער האָט אָפּגעקלונגען דריי, האָבן זיך פון דער אַפּטער גאַס באַוויזן זשאַנדאַרמען אויף ראָווערן און נאָך די ראָווערן זיינען אָנגעפאָרן צוויי אויטאָס און האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי דער וווינונג פון פּרעזעס. עטלעכע לאַסט־אויטאָס זיינען אַריינגעפאָרן אין מאַרק. איך האָב אויפגעוועקט די גאַנצע שטוב, אַלע שכנים פון הויז. עס האָט געדויערט נישט לאַנג, ווי מען האָט אָנגעהויבן זעצן אין די טירן און שלעפּן די יידן אויפן מאַרק־פּלאַץ. אויך דאָ האָט זיך אויסגעצייכנט די יידישע פּאָליציי. זיי האָבן אַרומגעפירט די דייטשן און אַרויסגעשלעפּט אַלע יונגע מענטשן פון די הייזער. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט דער פּאָליציאַנט לייזער האָכמאַן. ער איז אריין צום פּליט אפּעלבוים פון לאָדזש, וואָס האָט געהאַט אַ טאָכטער פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר. אַפּעלבאַום האָט זיך אָנגעהויבן בעטן, מען זאָל אים איבערלאָזן זיין קינד, ווייל ער איז קראַנק. די דייטשן האָבן מסכים געווען זי איבערצולאָזן, אָבער האָכמאַן האָט זי געכאַפּט פאַר די האָר און אַרויסגעשלעפּט צום אויטאָ. מען האָט אויך געכאַפּט מיין עלטסטע שוועסטער. דאָס כאַפּעניש (לאַפּאַנקע) האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. פאַרן אַוועקפאָרן האָבן די דייטשן לויט די אָנווייזונגען פון יודנראַט דורכגעפירט אַ סעלעקציע. מיין שוועסטער האָט זיך געבעטן, מען זאָל זי איבערלאָזן, ווייל זי האָט צוויי קינדער. דער פּרעזעס האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף איר, ביז זי איז צוגעגאַנגען צו אַ דייטשישן אָפיציר און געוויזן אים אויף אירע ברילן, אַז זי איז זייער קורצזיכטיק און וועט נישט קאָנען אַרבעטן. דאַן האָט דער אָפיציר זי אָפּגעלאָזן. דער פּרעזעס האָט אַרויסגעלאָזט בלויז די רייכע. פון די אָרעמע איז ער פּטור געוואָרן, באַפרייט זיך פון זיי. די איבערגעבליבענע נאָך דער סעלעקציע יידן האָבן די דייטשן אויס־

געטאָן כמעט נאַקעט, גענומען ביי זיי געלט און געשיקט אַהיים. די פאַרהאַלטענע האָט מען אַוועקגעשיקט קיין סקאַרזשיסקאָ. עס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן איבער 300 מענטשן. ביים פּאָליצ-יאַנט לייזער האָכמאַן, וועלכער האָט איבערגעגעבן די דייטשן דעם לאָדזשער פּליטס טאָכטער, האָבן זיך אין בונקער באַהאַלטן אַ סך מענטשן. אין דעם בונקער זיינען געווען באהאלטן אַ סך סחורות, וואָס האָבן געהערט צו זיין פאַמיליע. די יידישע פּאָליציי האָט געמסרט די אויסבאַהאַלטענע מענטשן און די דייטשן האָבן זיי אַרויסגענומען. גלייכצייטיק האָבן זיי צוגענומען פאַרשידענע סחורות, וואָס זיינען דאָרט געווען. דער לאָדזשער פּליט, דער פאָ-טער פון אַרויסגעשיקטן מיידל האָט געשריען אין גאַס, אַז דאָס האָט דעם פּאָליציאַנט גאָט געשטראָפט, ווייל ער האָט ביי איה צוגענומען זיין טאָכטער און זי אַרויסגעשיקט. בשעת דער אָבלאַווע האָבן זיך אין אַ בונקער באַהאַלטן צוויי ברידער, ריזן-יונגן פון אַ דאָרף, זייער שוועסטער איז געכאַפּט געוואָרן דורך די פּאָלי-ציאַנטן. דאָס מיידל האָט זיך געבעטן, מען זאָל זי אָפּלאָזן, דער יודנראַט האָט געפאָדערט, עס זאָלן זיך צושטעלן אירע ברידער, וועט מען זי אָפּלאָזן. זיי האַבן זיך צוגעשטעלט און מען האָט זיי צוזאַמען מיט דער שוועסטער אַוועקגעשיקט. אַזוי נידערטרעכטיק האָט געהאַנדלט דער יודנראַט און די יידישע פּאָליציי.

יידן האָבן אָנגעהויבן גיין אויף די שווערסטע אַרבעטן, ווי גראָבן בוראַקעס ביי די פּריצים און אַנד. מען האָט זיך אָנגעטשע-פּעט אין אַ שטרוי, אָבער דאָס ערגסטע האָט זיך אָנגערוקט.

דעם ערשטן דאָנערשטיק נאָך סוכות 1942 יאָר, אין אָקטאָ-בער, איז פאָרגעקומען די ערשטע אויסזידלונג אין שטעטל לאַגוו פון אונזער קרייז. דאָס האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק אויף אונזער שטעטל. באַלד האָט מען זיך דערוווסט וועגן דער פאַר-ניכטונג פון אָסטראָוויעץ. פון אָסטראָוויעץ איז געקומען אַ פּאָ-ליאַק, וואָס האָט דערציילט, אַז דאָרטן האָבן די דייטשן געשאָסן קראַנקע אין די בעטן. אין זייער פאַרצווייפלטער לאַגע האָבן די

יידן נישט געוווסט אין וואָס זיך אָנכאַפּן. מען האָט געפילט, אַז דער ריינג ווערט אַלץ ענגער און ענגער אויף דערשטיקט צו ווערן. די פרומע, בפרט פרויען, זיינען גאַנצע טעג געלעגן אויפן בית-עולם און געוויינט. אַזאַ געוויין ווי דעמלט האָב איך נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געהערט. מען האָט אָנגעצונדן ליכטלעך אויף די קברים פון די געשאָסענע אין סעפּטעמבער, ווייל די קברים האָט מען באַטראַכט ווי קברים פון קדושים. דאָס געוויין האָט צוגעצויגן קליינע שקצים, וואָס האָבן זיך אויסגעזעצט אויפן מויער פון בית־עולם. מען האָט דאָס געוויין געהערט אויסער דער שטאָט. דאָס איז געווען שוין האַרבסט-צייט און דאָס געוויין האָט זיך אַריינגעפלאָכטן אין נעפל. פרייטיק האָבן די פרויען אָנגעצונדן ליכט אויפן בית-עולם. דער רב האָט צונויפגערופן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אויפן בית־עולם און ער האָט געהאַלטן אַ דין־תורה מיטן רבונו של עולם. ער האָט זיך אויסגעטענהט מיט אים. שפּעטער האָט מען מקבר געווען עטלעכע הונדערט ספרי־תורות. דערביי איז פאָרגעקומען אַ שרעקלעך געוויין. נאָכן אַוועקגיין פון בית־עולם איז פונקט דער פּרעזעס אָנגעקומען פון אַפּט פון קרייז-הויפּטמאַן. מען איז אים באַפאַלן מיט פראַגעס. ער האָט געזאָגט, אַז אַפּט, קלעמענטאָוו, סטאַשעוו בלייבן. אַלעמען האָט אַרומגעכאַפּט אַ פרייד, נאָר די פרייד האָט געדויערט נישט לאַנג. אַרום 10־טן אָקטאָבער האָבן זיך עטלעכע מענטשן אָנגעהויבן באַמיען, מען זאָל אַ געוויסע צאָל מענטשן באַשעפטיקן אין הערמאַן גערינג־ווערק אין סטאַראַכאָוויצע. דער פּרעזעס האָט צוויי מאָל דעם פּלאַן צעשטערט. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט געבן בלויז זיינע מענטשן. שפּעטער איז ער געגאַנגען אויף אַ קאָמפּראָמיס און געזאָגט, אַז אַ העלפט מענטשן קאָנען גיין נישט קיין באַשטימטע פון אים.

דעם 16־טן אָקטאָבער, פרייטיק, איז פון סקאַרזשיסקאָ אָנגעקומען זשאַנדאַרמעריע פון דער גאַנצער געגנט. די יידישע פּאָליציי איז אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן און געשריען, אַז אַלע מענער

זאָלן אַרויס אין גאַס. אַלע זיינען אַרויסגעגאַנגען. דעם טייל, וואָס איז באַשטימט געווען אויף מעליאָראַציע־אַרבעטן, האָט מען אָפּ־געלאָזן צו זייער אַרבעט, און די רעשט מענער האָט מען גענומען קיין סקאַרזשיסקאָ. צווישן זיי זיינען געווען מיינע צוויי שוואָגערס. כדי זיי אויסצוקויפן, האָבן מיר געגעבן די דייטשן שטאָף אויף אַן אָנצוג און מען האָט זיי אַרויסגעלאָזט. גלייכצייטיק האָט די ס. ס. פון שטיצפּונקט מאָקאָשין געשיקט צום יודנראַט אַ פאָדע־רונג, מען זאָל זיי צושיקן שטריק, גאַרדינען, פייערקעס צו קיכן. זיי האָבן געוואָרנט, אַז אויב מען וועט זיי דאָס אַלץ נישט צושטעלן צו דעם באַשטימטן טערמין, וועלן זיי אויפהענגען דעם יודנראַט אינמיטן מאַרק. מען האָט זיי אַלץ צוגעשטעלט. פילנדיק דעם סוף האָט אונזער יודנראַט און די יידישע פּאָליציי אַלץ געטאָן כדי זיך צו פאַרזיכערן זייערע לעבנס.

אין סאַנדאָמיר איז געווען אַ ליציי, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן דורך די ס. ס. אין אַ לאַגער פאַר פּריווילעגירטע, ווו זיי וועלן קאָנען איבערלעבן די מלחמה. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דער פּריווילעגיע האָט מען געדאַרפט גוט באַצאָלן. אין דעם אַאַזיס האָבן זיך געוואָלט אַריינקריגן די יודנראַטניקעס און די פּאָליציי פון אונזער שטעטל אויפן פאַל פון אויסזידלונג. פאַר דעם אַריינ־קריגן זיך אין דעם לאַגער האָבן זיי שוין באַצייטנס געצאָלט דעם ס. ס., ד. ה. זיי האָבן ראַבירט ביי די יידן. די יידישע פּאָליציי און יודנראַט האָבן גענומען ביי פאַרמעגלעכערע יידן סחורות, מעבל און אָוועקגעשיקט קיין מאָקאָשין צו די סס.. ביי אַ מאַנו־פאַקטור־סוחר יוסף גאָלדבלום האָט דער פּאָליציאַנט יאנקל גרינ־שטיין אויפגעריסן אַ בונקער און אַרויסגענומען 10 זעק מיט מאַ־נופאַקטור־סחורה. דאָס זעלבע האָט מען געטאָן ביי אַנדערע מענטשן. זיי זיינען אַרומגעלאָפן אפילו צו די אָרעמע און גע־כאַפּט, וואָס זיי האָבן געקאָנט. אין איין שטוב איז פאָרגעקומען אַזאַ פאַל... דאָרט איז אַריינגעלאָפן דער ראַטמאַן יאַנקעלע אַפּעל־בוים, אַרויסגעכאַפּט ביי דער צעמישטער באַלעבאָסטע אַ בערשטל

פון האַנט און ארויסגעלאָפן.

די שטאַטראַטן, דער שטייער־אַמט האָבן ארויסגענומען פון די אַרכיוון דאָקומענטן מיט אַלטע חובות פון פאַר 16 יאָר און געריסן ביי די יידן דאָס לעצטע העמד פון לייב.

עס איז פאַרגעקומען אַן אויסזידלונג אין אָפּאַטאָוו. פאַר דער אויסזידלונג האָבן נאָך די יידן געדאַרפט באַצאָלן קאָנטריבוציע קאָפּ־געלט לויט דער פאַראָרדענונג פון לאַנד־ראַט. די שטימונג ביי דער יידישער יוגנט איז געווען ווי ביי אַ געיאָגטער חיה אין וואלד. מען האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן, ווו צו לויפן. קיין פארטיזאַנער זיינען נאָך אין קרייז נישט געווען. מען האָט געוואָלט לויפן אין וואלד, אָבער די לוסט איז שנעל אַוועק. אין דער געגנט איז פאָרגעקומען אַזאַ פאַקט. נאָך דער אויסזידלונג אין איוואַניסקאַ, האָבן אָרטיקע יידן זיך פארבונדן מיט אַ פאָליאַק, אים געגעבן גראָבע דאָלארן און ער האָט זיי געמאכט אַ בונקער אין וואלד. און ווען אין בונקער זיינען שוין געווען 4—5 מאַן, האָט ער זיי געוואָלט דערמאָרדן. ביינאַכט האָט ער מיט אַ האק צעהאַקט דעם גאנצן בונקער און קוים מיטן לעבן זיינען זיי געקומען קיין קלעמענטאָוו. אויך מיין פאמיליע האָט זיך געפרווט ראטעווען. מיר האָבן געהאַט אַ סך באקאנטע פויערים. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט מיט אַ פויער. ער האָט געדארפט קומען נאָך אונז מיט אַ פור, נעמען אונזערע זאכן און אונז באהאלטן. מיין שוועסטער מיטן ברודער זיינען אַוועק צו אים. ווען זיי זיינען שוין געזעסן ביי אים, האָט זיך איינער פון זיינע זין אָנגערופן, אַז יידן האָבן אנטוואָפנט פויליש מיליטער אין לוואָוו. שפעטער, דערזעענדיק, אַז מיין ברודער טראָגט שטיוול, האָט ער געזאָגט: „פארקויף מיר די שטיוול". נאָך אַזאַ ברוך הבא, זיינען זיי געגאנגען צו אַ באַקאַנטן גאַיאָווע אין וואלד און געבעטן, ער זאָל אונז באהאלטן, נאָר ער האָט מורא געהאַט און האָט זיי קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. עס זיינען אויך צערונען געוואָרן די לעצטע האָפענונגען פון די באשעפטיקטע, אַז דורך זייער ארבעט זיינען זיי באוואָרנט פאר דער אויסזידלונג.

דאָס האָט געוויזן די לאפאנקע פון 16־טן אָקטאָבער, ווייל בשעת דער לאפאנקע קיין סקאזשיסקאָ האָט דער דייטש, וואָס האָט אָנגע־פירט מיט דעם שטיינברוך אין מיענדזיגורש, מיינענדיק, אַז עס קומט שוין פאַר די אויסזידלונג, צונויפגענומען אַלע יידישע ארבעטער און אויף אַ לאסט־אויטאָ אָפגעשיקט זיי אין קלעמענטאָוו. דעם זעלבן 16-טן אָקטאָבער זיינען אַ סך פויערים מיינענדיק, אז עס קומט שוין פאַר די אויסזידלונג, געקומען צו פאָרן אין שטעטל גרייט אָפצונעמען יידיש האָב און גוטס. אויך די גאנצע צייט פאַר דער אויסזידלונג פלעגן פון די דערפער קומען פויערים און פאַר גאָרנישט, פאר אַ שטיקל פוטער פלעגן די יידן אָפגעבן זיי סחו־רות און ווערטפולע זאכן.

אומעטום האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף אַ וואַנט פון גלייכ־גילטיקייט, קיינער האָט אונז נישט געוואָלט העלפן. ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז געבליבן די יידן, בפרט די פרומע, איין וועג, זיי זיינען גאנצע טעג געלעגן אויפן בית־עולם און געוויינט. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן קיין וויינען און קלאָגן. עס איז אַוועק אָפּאטאָוו, איוואניסקאָ, אָשעק, באגריע. ביז עס איז געקומען די ריי אויף קלעמענטאָוו.

אַ טאָג פאר דער אויסזידלונג איז געקומען צו פאָרן דער רעפערענט פון יודן-איינזאץ ביים לאַנד־ראַט, דער באנדיט אָבלאַ־רען און אַרויפגעלייגט אויפן שטעטל אַ קאָנטריבוציע, וועלכע עס האָט געדארפט צוזאמענעמען די יידישע פאָליציי און דער יודנ־ראַט.

דאָנערשטיק, אַ טאָג פאר דער אויסזידלונג ביי איך ווי שטענדיק געקומען אַהיים פון דער ארבעט, מיין מאמע איז גע־שטאַנען און אָפגעגעבן אַ פויער, אַ ציכל פאר אַ שטיקל פוטער. די מוטער, וועלכע איז געווען שפאָרזאַם, האָט ביטער געזאָגט: „זעסט, איך בין שוין נישט קארג, איך האָב געקויפט פיש אויף שבת". — די פיש האָט מען שוין אָבער נישט באוויזן צו עסן. דווקא אין דעם טאָג איז מיין פאָטער געווען אין אַ ביסל אַ בעסע־

רער שטימונג, ווייל ער האָט באַקומען אַ צעטל פון יודנראַט, ער זאָל זיך פרייטיק צושטעלן אין שאָפּ. נאָר פרייטיק איז שוין פאַר־געקומען די אויסזידלונג. דאָנערשטיק איז נאָך געווען אַן אַנט־שפּאַנונג אין שטאָט. כאָטש אין דעם טאָג, דעם 29 אָקטאָבער איז פאָרגעקומען די אויסזידלונג פון סאַנדאָמיר. די אַנטשפּאַנונג איז געקומען צוליב דעם, ווייל דאָנערשטיק פארנאַכט איז געקו־מען פון סאַנדאָמיר דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליצײ־טענענווורצל און פאַרזיכערט, אַז פרייטיק, שבת, זונטיק וועט נאָך קיין אויסזידלונג נישט פאָרקומען.

פרייטיק דעם 30־טן אָקטאָבער 1942 יאָר האָט זיך עס אָנ־געהויבן. עס איז נאָך געווען טונקל אין דרויסן און מיר האָבן דער־זען, ווי עס זיינען אָנגעפאָרן אויטאָס. מיין טאַטע האָט געזאָגט: „קינדער, טוט זיך אָן". מיר האָבן זיך אָנגעטאָן, געהייסן זיך אָנטאָן דער שוועסטער מיט די קינדער מיטן מאַן. די גאַנצע שטאָט איז שוין געווען ארומגעשטעלט מיט זשאַנדאַרמעריע. מיין טאַטע האָט אָנגעטאָן דעם טלית און תפילין און אָנגעהויבן דאַווענען, אָבער ער האָט שוין נישט באַוויזן צו ענדיקן. די יידישע פּאָליצײ איז אַרומגעלאָפן איבער די הייזער און געשריגן: „יידן, ארויס אין מאַרק"! באַלד זיינען יידן אַרויס אין גאַס. איך בין געגאַנגען מיט מיין טאַטן, דער ברודער איז ארויס מיט דער שוועסטער און דער מוטער. די מוטער האָט אין דער לעצטער מינוט אַ קוש געטאָן די מזוזה און געזאָגט: „איך זאָל נאָך זוכה זיין צו קומען צוריק אין מיין כשרער קיך". מיר זיינען אַראָפּ אין גאַס. עס זיינען שוין געשטאַנען די ס. ס.־לייט פון ראַדאָם מיטן באַקאַנטן ש י ל ד ן, דעם אָרגאַניזאַטאָר פון פאַרניכטונגס־אַקציעס אין גאַנץ ראַדאָמער דיסטריקט. מיין פאָטער האָט באַקומען מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ פון אַן ס. ס.־מאַן, מיין ייִנגערע שוועסטער מלכהלע האָט באַקומען פון אַן ס. ס.־מאַן געשלאָגן. אַלע יידן האָט מען געשלאָגן מכות רצח און געיאָגט, אַלע זאָלן זיך אויסשטעלן צו 5 אין אַ ריי. מען האָט זיך אויסגעשטעלט. אונזער פאַמיליע האָט פאַרנומען איבער 2 רייען. דעם

פּאָטער מיט דער מוטער האָבן מיר גענומען אינדערמיט. מיין שוועסטער איז געגאַנגען מיט אַ 16-חדשימדיק קינד. איך האָב גענומען דאָס קינד אויף דער האַנט. דאָס קינד האָט נישט געוואָלט אויפהויבן דאָס קעפּעלע, דאָס קינד האָט נישט געקאָנט שמייכלען. עס האָט געדויערט נישט לאַנג, דער מאַרק איז פול געוואָרן מיט יידן. פונדערווייטנס האָבן זיך געהערט שאָסן. דער יודנראַט האָט אָנגעטאָן פּאָליצייאישע היטלען און ארומגעפירט די ס. ס.־לייט איבער די הייזער. קראַנקע און די, וואָס האָבן נישט באַוויזן אַרויס פון שטוב, האָבן די ס. ס.־לייט דערשאָסן. עס האָט זיך צוגעשטעלט די פּוילישע פּאָליציי, ס. ס., זשאַנדאַרמעריע, שוץ־פּאָליציי. די פּוילישע פּאָליציי פון די אַרומיקע שטעטלעך, די פּייערלעשער מיט זייער קאָמענדאַנט פּיאָטר לאַסאָטאַ, די יידישע פּאָליציי מיטן יודנראַט אין דער שפּיץ. יידן האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס זיינען זייערע לעצטע מינוטן. מיין טאַטע האָט געהאַט עגמת נפש, אַז ער האָט פאַרגעסן אין שטוב זיינע וואַטענע הענטשקעס, כאָטש עס איז נאָך געווען וואַרעם. אין שטאָט האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. אפילו קליינע קינדער האָבן קיין פּיפּס נישט געגעבן. פון צייט צו צייט האָט אַ שאָס איבערגעריסן. די שטילקייט אָדער אַ טעפּל איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ שטריקל, האָט עס אָפּגעקלונגען איבערן גאַנצן שטעטל. דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי האָט אויסגערופן, אַז עס בלייבן נאָר די יידישע פּאָליציאַנטן אָן זייערע פרויען און קינדער. נאָר איין פּאָליציאַנט גיפּל הימלפאַרב איז אַוועק מיט זיין פרוי און קינדער. דער אָבערלויטענאַנט פון דער זשאַנדאַרמערי ענדאָרף פון אָפּאַטאָוו איז מיט אַ שטעקעלע אין דער האַנט אַרומגעגאַנגען צווישן די רייען און געקוקט, וועמען איבערצולאָזן. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר און געפרעגט: „וואַס ביסטו פאַן בערוף?" ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין אַ שניידער, האָט ער מיך אַרויסגענומען צוזאַמען מיט מיין ברודער און נאָך 12 יונגעלייט און האָט אונז געהייסן גיין אויף אַ באַזונדער אָרט. דער יודנראַט האָט אין טאָג

פון אויסזידלונג גאָרנישט געהאַט צו זאָגן. איין מיידל מלכה אייכנבוים האָט געבעטן מען זאָל זי באַפרייען, ווייל זי איז פון יודנראַט, האָט זי אנשטאט אַן ענטפער באַקומען מיט אַ נאַגייקע איבערן קאָפּ. באַקומען געשלאָגן ביז בלוט האָט דער ראַטמאַן יאַנקל אַפּעלבוים. דער פּרעזעס, זעענדיק, אַז עס איז מיט אים שלעכט, ווייל אומעטום אין די שטעטלעך פלעגט מען שיסן די פּרעזעסן, האָט ער זיך באַהאַלטן אונטער די פּלייצעס פון אויסגע־קליבענע און צוליב דעם איז ער געבליבן.

די מיידלעך, וואָס זיינען געבליבן, האָט דער קאָמענדאַנט ענדאַ־ף געפרעגט: „זייט איר נישט שוואַנגער?" 9 מענטשן פון יודנראַט האָט מען אַוועקגעשיקט מיטן טראַנספּאָרט, איבערגע־בליבן איז ער פּרעזעס, וויצע-פּרעזעס, משה כענטשינא, און אי... ווייסבראָט. די גאַנצע סאַניטאַרע קאָלאָנע, אלע באַאַמטע פון יודנראַט האָט מען אויך אַוועקגעשיקט מיטן טראַנספּאָרט. דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי טענענוורצל איז געבליבן מיט דער פרוי און קינד. צוליב זיין „אינטערווענץ" האָט מען אריינגענומען צוריק אין די רייען לייבעלע מייסעלס אַ קירזשנער, אַ וואַרשעווער יינגל מאָניעק הימלפאַרב און נאָך אַ יינגל, אַ קאָמאַשן־שטעפּער חיים קאָפּערשטיק און שאיע אַפּעל־באום. עס זיינען אויף פורן אָנגעקומען פאַרניכטונגס־פאָרמאציעס פון אוקראַינער. זיי האָבן זיך צעוואָרפן צווישן די רייען פון די יידן מיט ביקסן. זייערע פּנימער האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק. ס'איז צווישן זיי געווען אַ סך מאָנגאָלן. עס הערט זיך אַ באַפעל פון די ס. ס., אַז אַלע יידן זאָלן זיך זעצן אויף דער ערד. אונז, די איבערגעבליבענע האָט מען געהייסן, מיר זאָלן אראָפּנעמען די פּלעצאַקעס. אינצווישנצייט זיינען אָנגעקומען ליידיקע פורן. אויף אַ פור האָט מען געמעגט אַוועקזעצן איין ייד, טייל פורן זיינען גע־גאַנגען אינגאַנצן ליידיק. עס הערט זיך אַ באַפעל: „אופשטיין". דער הויפּטמאַן פון זשאַנדאַרמערי איז אריין אין אַ געוועלב, ארויס־געגאַנגען און געזאָגט, אַז עס ליגט דאָרט אַ ייד און אויפן טיש

ברענט אַ ליכט. דאָרט איז געלעגן דער עטלעכע און זיבעציק יע-ריקער ייד דוד אַפּעלבוים. דער הויפּטמאַן האָט באַפוילן אַ זשאַנ-דאַרם, ער זאָל אריינגיין אין דער שטוב אריין און אים שיסן. דער זשאַנדאַרם איז אַריין און באַלד ארויסגעגאַנגען, זאָגנדיק, אז דער ייד הענגט. דער אלטער ייד האָט זיך באוויזן אַליין אויפ-הענגען, אַבי ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון די רוצחים. עס הערט זיך אַ באַבעל, מענטשן זאָלן זיך רירן. דער זשאַנדאַרם, וואָס איז געגאַנגען פאָרויס פון צוג, זאָגט: „לאַנגזאַם, לאַנגזאַם". דער ערשטער אין דער ריי איז געווען אַ 13 יעריקער לאָדזשער יינגע-לע מאָניעק גאזשדזשעווסקי מיט זיין פאָטער, מוטער, שוועסטער און באָבע. זיי האָבן עס געעפנט דעם טויטן-צוג. איך האָב אָבסער-ווירט אלע פאַרבייגייענדיקע. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט, כדי זען באָטש פון דערווייטנס מיין פאַמיליע, אָבער די עלטערן זיינען אדורך פאַרביי מיינע אויגן אומבאַמערקט, נאָר איין שוואָגער מיי-נער וועלוול גרינבלאַט האָט מיך באַמערקט. מיט אים האָב איך זיך געזעגנט מיט אַ שאָקל פון קאָפּ. ווען אַפּלבוים, וועלכן דער קאָמענדאנט פון דער יידישער-פּאָליציי האָט צוריק אַריינגעטריבן אין דער ריי, איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דעם קאָמענדאַנט, האָט ער געזאָגט: „ישראל איז געווען מיין מלאך-המות".

דער צוג איז געגאנגען דורך דער סאנדאָמירער גאס. און שוין דאָ אויף דער גאַס האָט מען אָנגעהויבן אַריינשיסן אין צוג. עס זיינען געפאַלן קרבנות. דער לעצטער אין צוג איז געגאַנגען שלמהקע קוואַשניעווסקי, אַן אָרעמער פישער. ער איז געגאַנגען אין געשענקטע שטיוול, ניט געקאָנט זיך שנעל רירן, האָבן אים די דייטשן אונטערגעיאָגט, געשלאָגן. ווען דער צוג איז שוין אַוועק פון שטאָט, האָט מען אונז איבערגעבליבענע אין אַ צאָל פון 65 יידן אוועקגעפירט אין בית-מדרש אריין. אויפן וועג צום בית-מדרש, האָב איך דערזען אַ געהרגעטע פרוי עס האָט פון איר גע-שטראָמט בלוט. מען האָט אונז אַריינגעפירט אין בית-מדרש אריין. אין אַ 15 מינוט ארום האָבן מיר דערזען, ווי פאַרן בית-מדרש

פירט מען אויף אַ פור פיל געשאָסענע יידן צום בית־עולם. דאָס בלוט האָט פון זיי געשטראָמט. מען האָט אונז אַרויסגערופן אויפן בית־עולם און מיר האָבן געמוזט באַגראָבן די טויטע. מיר האָבן אָנגעהויבן גראָבן דעם קבר. עס האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג. מיר האָבן געדאַרפט באַגראָבן 68 געשאָסענע און דעם אלטן אַפּעלבוימען, וועלכער האָט זיך געהאָנגען. צווישן די געשאָסענע זיינען געווען עטלעכע און פערציק פרויען. און עטלעכע און צוואַנציק מענער. א סך פון זיי האָט מען צונויפגעקליבן פון וועג 5 ק״מ פון שטאָט די איבעריקע זיינען געווען געשאָסענע אין זייערע שטיבער. די אַרבעט ביים באַגראָבן איז געווען שווידערלעך. מיר האָבן געזען אָפּגעהאַקטע גאַנצע קעפּ און האַלבע קעפּ. ווען מיר האָבן שוין אַלץ אָפּגעטאָן, איז געקומען דער קאָמענדאנט פון זשאַנדאַר־מעריע דאָלמייער און געזאָגט, אַז מען דאַרף די קברים פאַרשיטן מיט קאַלך. פרייטיק פאַרנאַכט האָבן מיר פאַרענדיקט די ארבעט. דער ראטמאן הארצקע אייזענבוך האָט אָפּגעזאָגט קדיש. איך האָב געפילט, אז קיינער פון טראַנספּאָרט וועט זיך שוין נישט אומקערן, אז מיר זיינען געבליבן פאַריתומט.

אַלץ איז אַוועק, אפילו די, וואָס האָבן זיך געקאָנט ראַטעווען. טייל יידן האָבן זיך שוין צוגעגרייט באַהעלטענישן ביי פּאָליאַקן, נאָר אַ דאַנק די פאַלשע אינפאָרמאַציעס פון פרעזעס, אז די אויס־זידלונג וועט ערשט זיין אין דריי טעג ארום, האָבן זיי זיך נישט באַוויזן צו באַהאַלטן. זיי האָבן געפּרווט אַנטלויפן, ווען עס איז שוין געווען צו שפּעט, זיי זיינען טאַקע געשאָסן געוואָרן בשעתן אַנטלויפן. דאָס זיינען געווען: קיווע בוים מיט דער פרוי, מאיר פון דאָרף כריסטע, העשל בוים, עבעראָוויטש מיטן ברודער און אַנדערע. אַ סך, וואָס האָבן געהאַט ווו זיך באַהאַלטן, זעענדיק, אַז ס'איז צו שפּעט, האָבן שוין נישט פּרובירט אַנטלויפן און זיינען אוועק מיטן טראַנספּאָרט. נאָר 5 פּערזאָן האָבן באַוויזן צו אַנט־לויפן. פרייטיק אויפדערנאַכט, נאָך דער פאַרענדיקונג פון דער ארבעט, זיינען מיר אַהיימגעגאַנגען. מען האָט אונז איבערגעגעבן

אין בלאָק, ווו מיר זיינען אַלע געווען צוזאַמען. שבת אינדערפרי האָט מען אונז גערופן אויפן אַפּעל אויפן שולהויף. עס איז צו אונז צוגעגאַנגען דער לייטענאַנט פֿן זשאַנדאַרמעריי דאָלמייער, ער האָט זיך העפלעך באַגריסט און געפרעגט זיך: „זענט איר גוט געשלאָפן?" שפּעטער האָט ער געשפּאַסט אַביסל מיט די מיידלעך און צעשיקט אונז אויפן בית־עולם פאַרענדיקן די גרוב. פּלוצים האָבן מיר דערזען אויפן בית-עולם אַ גרייז־גרויען יידן פון עטלעכע און ניינציק יאָר — משה שמידט. מען האָט אים גערופן שטענדיק „דער הויכער משה". נאָך אים האָט זיך באַוויזן אַ זשאַנדאַרם טייזער, ער האָט ארויסגענומען זיין פּיסטאָלעט און אויסגעשאָסן. אין אַ מינוט אַרום איז שוין דער עלטסטער ייד פון קלעמענטאָוו געלעגן טויט. אין אַ האלבע שעה אַרום איז אַריינגעקומען אַ פייערלעשער אויפן בית-עולם און ארויפגעפירט אַן אַלטע פרוי. די פרוי איז אָפּגעגאַנגען אָן אַ זייט מיט אים, האָט אויפגעהויבן די ספּודניצע און דערלאַנגט אים עפּעס אין דער האַנט אריין. זי האָט זיך אַוודאי אָפּגערעדט מיט אים, אַז ער וועט איר פאר געלט אָפּלאָזן, נאָר ער האָט איר נישט אָפּגעלאָזט. דערווייל איז אָנגעקומען דער באַנדיט מייזער און דערשאָסן די פרוי. דאָס איז געווען שרה פיינקוכן, אַן אייגענטימערין פון אַ בעקעריי. אירע זין זיינען אַוועק מיט דער אויסזידלונג. זי האָט זיך באַהאַלטן אין קעלער פון איר הויז, ווו מען האָט זי געפונען. מיר האָבן יעצט געמוזט גראָבן אַ נייִשן קבר פאַר די צוויי דערשאָסענע, און נעבן דעם גרויסן ברודער־קבר האָבן מיר אויסגעגראָבן אַ קליינעם קבר.

שבת, דעם 31־טן אָקטאָבער 1942 יאָר איז געקומען צולויפן אַ ייד, וואָס האָט זיך ארויסגעדרייט פון טראַנספּאָרט. אַ צווייטער ייד, בעריש בוים, האָט באַוויזן צו אַנטלויפן פון דאָרף זלאָטי, נישט ווייט פון סאַנדאָמיר. זיי האָבן דערציילט, אַז אויפן גאַנצן וועג האָבן די דייטשן איינגעשלאָסן אין טראַנספּאָרט די יידן פון אומגעגנד. בעריש בוים האָט זיך שפּעטער באַהאַלטן צווישן פּאָליאַקן, ביז וואַנען עס האָבן זיך וועגן אים דערוווסט פּוילישע אַקאָוצעס. זיי האָבן

געפאָדערט, ער זאָל זיי ווייזן, וווּ עס געפינען זיך זיינע סחורות און מאַשינען, וועלכע ער האָט באַהאַלטן. נאָכדעם ווי ער האָט זיי אַלץ אָפּגעגעבן האָבן זיי אים דערהרגעט. נישט בעסער פון די אַקאָוצעס האָט זיך געהאַלטן די פוילישן פּאָליציי. אַ יידישער דענטיסט פון קלעמענטאָוו פשיטיצקי איז נאָך פאַר דער אויסזידלונג אַרויס פון שטעטל און געוואַנדערט פון איין דאָרף אין צווייטן. דער וויצע־קאָמענדאַנט פון דער פוילישער פּאָליציי דלוזשאַק האָט אים געכאַפּט. דער דענטיסט האָט געגעבן דלוזשאַקן 5.000 זל., כדי זיך אָפּראַטע־ווען דאָס לעבן. יענער האָט צוגענומען דאָס געלט און אים איבער־געגעבן אין די הענט פון די דייטשן. נאָכן דערשיסן אים האָט ער אים אַראָפּגעצויגן די שטיוול פון די פיס און זיי צוגענומען.

די אויסזידלונג האָט גאָרנישט נישט אויסגעלערנט די יודנ־ראַטניקעס. די דייטשע זשאַנדאַרמעריע האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַר־אָרדענונג, אַז די איבערגעבליבענע פּראָדוקטן פון די יידישע הייזער זאָלן איבערגעגעבן ווערן אין בלאָק. האָבן די יודנראַטניקעס פאַר זיך גענומען די בעסטע פּראָדוקטן און אונז געהייסן קאָכן אַ זופּ. זיי האָבן נישט געאַרבעט. מיר האָבן געמוזט אַרבעטן ביי די קברים, סאָרטירן די יידישע זאַכן, וועלכע די דייטשן פלעגן פאַרקויפן אויף ליציטאַציעס צו ביליקע פרייזן. עס איז פאָרגעקומען אַ קאָנקורענץ־קאַמף צווישן דער שטאָטישער פוילישער באַפעלקערונג מיט דער דאָרפישער פאַר נישט צולאָזן דאָס דאָרף צו קויפן בעסערע זאַכן. די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז קיינער פון דער באַפעלקערונג טאָר נישט אַריינגיין אין די יידישע הייזער. אַזוי איז אַ פוילישע פרוי פון דאָרף קאָנאַרי, וואָס איז אַריין אין אַ יידי־שער שטוב, אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן פון דייטשישן זשאַנ־דאַרם טייזער.

טייל פון אונז האָבן זיך געגרייט צו אַנטלויפן. באַלד אין אָנהייב זיינען אַנטלאָפן אברהם זלאָטניקצי, מיעטעק אַפּעלבוים און איטשע ווייסבראָט. מיעטעק אַפּעלבוים איז נאָך צוויי טעג צוריק־געקומען, ווייל ער האָט זיך נישט געהאַט וווּ אַהינצוטאָן. ער איז

אַריין צו מיר אין צימער. ווען דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי האָט זיך דערוווסט, אַז ער איז ביי מיר, איז ער אַריין אין צימער און געפּאָדערט, ער זאָל אַוועקגיין און מיך האָט ער געוואָרנט, אַז איך וועל זיין פאַראַנטוואָרטלעך מיטן לעבן, אויב ער וועט דאָ בלייבן נעכטיקן (אַלע טאָג פלעגן מיר מוזן אַרויס אויפן אַפּעל, אַזוי אַז די דייטשן האָבן שוין וועגן זיין אַנטלויפן געוווסט). ביינאַכט האָט ער פאַרלאָזט דעם בלאָק. עס האָט אים באַהאַלטן אַ קריסטלעך מיידל. ער האָט מיט איר חתונה געהאַט און לעבט.

נאָכדעם זיינען אַנטלאָפן דריי פּאָליציאַנטן: יאַנקל אַפּעלבוים, יאַנקל גרינשטיין, משה טענצער. אין דעם טאָג, אידער מען האָט אונז געוואָלט אַוועקפירן קיין סאַנדאָמיר, האָבן זיך נאָך אַ טייל געגרייט צום אַנטלויפן, נאָר דער פּרעזעס מיטן קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי טענענווורצל האָבן אַלץ געטאָן, אַז קיינער זאָל נישט אַנטלויפן. טענענווורצל האָט מיט זיין אייגענער האַנט פאַרקלאַפּט אַלע טירן. אָבער פאַרטאָג, ווען אַלע טויערן זיינען שוין געווען אָפן און די פורן האָבן געוואַרט אויף אונז, זיינען די לעצטע צוויי, זהמן בוים און סעוועק געטפריד אַנטלאָפן.ביידע לעבן.

# 6. אין סאנדאמיר

זונטיק, דעם 15־טן נאָוועמבער 1942 יאָר, האָט מען אונז אויף פורן אַוועקגעפירט קיין סאַנדאָמיר. דער פרעזעס מיט זיין פאַמיליע, דער קאָמענדאנט פון דער יידישער פאָליציי און זיין פרוי און קינד זיינען אַוועק אין ליצעום און אונז האָט מען געפירט צום בלאָק, ווו עס האָבן געוווינט די איבערגעבליבענע יידן פון סאַנדאָמיר, די א. ג. אויפּרוים־קאָמאַנדע. דאָרטן זיינען שוין געווען צונויפגעקליבן סאַנדאָמירער און קלעמענטאָווער יידן מיט דער סאַנדאָמירער און קלעמענטאָווער פאָליציי. אַלע טאָג פלעגט פאָרקומען אַן אַפּעל און מיר האָבן געמוזט רוימען די יידישע הייזער. אין בלאָק זיינען געווען יידן, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאלטן פון דער אויסזידלונג. צווישן זיי האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אַ יינגעלע מיטן נאָמען אַלטערל. זיינע עלטערן זיינען אַוועק אין לאגער קיין מעלעץ. פאַרן אַוועקגיין האָבן זיי דאָס קינד אַוועקגעגעבן צו פאַליאַקן.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי האָבן פאַרן קינד באַקומען פון די עלטערן אַ גרויסן מאַיאָנטעק, האָבן זיי דאָס קינד צוריקגעברענגט צו דער אויפרוים־קאָמאַנדע. דאָס קינד האָט זיך אַליין פראָבירט ראַטעווען. ווי נאָר עס פלעגט דערהערן, אַז עס גייען זשאַנדאַרמען, האָט זיך עס באַהאלטן אונטערן בעט. שפּעט ביינאַכט פלעגט דאָס קינד אַראָפּ צו אונז. צווישן די אויסבאַהאַלטענע האָב איך געטראָפן צוויי פרויען מיט אַ קינד. זיי פלעגן שלאָפן אין קעלער. די יידישע פאָליציי האָט זיי קיין רו נישט געגעבן. זי האָט זיי געיאָגט זיי זאָלן אַוועקגיין. מיר פלעגן זיי אַראָפּטראָגן ברויט און טיי אין קעלער. די פאָליציי האָט זיך פון

דעם דערוווסט און געפאָדערט פון אונז מיר זאָלן זיי קיין עסן נישט געבן. צווישן די פּאָליציאַנטן איז געווען אַ קוזין פון דער פרוי מיטן קינד גאָזשאַלטשאַנסקי. די פּייערלעשער אין סאַנדאָמיר האָבן אַקטיוו געזוכט די אויסבאַהאַלטענע יידן, אַז זיי האָבן עמעצן געטראָפן האָבן זיי גלייך געשאָסן.

אַזוי האָט עס געדויערט פון 16־טן ביזן 19־טן נאָוועמבער. מיר האָבן געמיינט, אַז נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט וועט מען אונז שיקן אין לאַגער אַריין. געשען איז אַנדערש. דאָנערשטיק דעם 19־טן נאָוועמבער ביים אַפּעל האָט אונז דער קאָמענדאַנט פון זשאַנ-דאַרמעריע דאָלמייער געמאָלדן, אַז לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער העכערער מאַכט ווערט אין סאַנדאָמיר געשאַפן אַ יודנשטאָט און מיר בלייבן דאָ. פון דעם טאָג אָן זיינען אָהער אָנגעקומען יידן פון די וויטסטע געגענדן: פון סטאַשאָוו, סטאָפּניצע, פינטשעוו, יענ-דזשעיאָוו אאַ״וו. די באַפעלקערונג אין יודנשטאָט האָט אָנגעהויבן וואַקסן פון־טאָג צו טאָג. עס האָבן זיך אָנגעקליבן פון 7 ביז 8 טויזנט מענטשן. גלייכצייטיק האָט די זשאַנדאַרמעריע געמאַכט אַרום דעם יודנשטאָט אַ פּאַרקאַן איבער 2 מעטער הויך. לעשער, דער באַקאַנטער זשאַנדאַרם, איז באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמענ-דאַנט פון געטאָ, ביים. פּאַרקאַן האָבן דער עיקר געאַרבעט קלע-מענטאָווער יידן. געמעגט האָבן יידן וווינען בלויז אין איין טייל פון דער יידנגאַס. נאָר אַזוי ווי יידן האָבן געשטראָמט, האָט מען אויך אַ טייל פון זאַמקאָווע גאַס צוגעטיילט צום געטאָ. די דירות־פראַגע אין געטאָ איז געווען נישט צום איבערטראָגן. אין איין צימערל האָט מען אַריינגעקוועטשט פון 25 ביז 30 פּערזאָן. דער הונגער איז געווען געפערלעך. די דייטשע מאַכט האָט זיך ־ נישט געקימערט וועגן געטאָ. פאַר אריינשמוגלען אַ ברויט האָט מען יידן געשאָסן. עס זיינען אויסגעבראָכן טיפוס־עפּידעמיעס. די קראַנקייט האָט אַרומגעכאַפּט אלץ מער מענטשן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ שפּיטאָל אין געטאָ, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע צימערן.

אין געטאָ איז געווען אַ צוזאַמענלויף פון אַלע איבער־געבליבענע פּאָליציאַנטן און יודנראַטניקעס. אַלס פּרעזעס פון סאַנדאָמירער יודנראַט איז באַשטימט געוואָרן דער געוועזענער פּרעזעס פון אָפּטער יודנראַט מרדכי ווייסבלום, וויצע־פּרעזעס איז באַשטימט געוואָרן דער געוועזענער קלעמענטאָווער פּרעזעס מאָטל שולדמאַן. די לאַגע פון די מאַסן איז געווען פינצטער. נאָכן קאַרטן־ברויט איז מען געשטאַנען שעה׳נווייז ווי אויך נאָך דער זופּ פון קיך פון יודנראַט.

די געפערלעכע לאַגע אין יודנשטאַט האָט געטריבן די מענטשן דערצו, אַז מיר פלעגן זיך באַמיען אַרויסגנבענען אויסערן פּאַרקאַן. דערפאַר פלעגט מען גלייך שיסן. איינמאָל איז דער מייסטער לעשער אַריינגעקומען מיט פורן צום געטאָ־שפּיטאָל. ער האָט באַפוילן אַלע קראַנקע, אַפילו די געזונט־געוואָרענע, וואָס זיינען שוין געהאַט אויסגעשריבן אַהיים, אַריפּלייגן אויף די פורן, אַרויסגעפירט אויפן בית־עולם און דאָרט האָט מען זיי געשאָסן.

אַ צווייט מאָל איז אָנגעקומען דער יודנפּרעסער הויפּטמאַן גייער פון קעלץ. ער איז אַריינגעקומען אין געטאָ, אַרויסגעצויגן דעם אָסטראָווצער רבין אויפן שול־הויף און אַליין אים דערשאָסן. נאָכדעם האָט ער אים אַריינגעשטעקט אַ פּאַפּיראָס אין מויל און אַזוי אָפּפאָטאָגראַפירט*)

אונזער גרופּע פון קלעמענטאָוו האָט זיך באַקענט מיט אַ פּאָ־ייאַק פון וויענזעווניצע, ראָטקאָווסקי. מיר האָבן געוואָלט, ער זאָל אונז אויסבאַהאלטן ביי זיך. יענער האָט מסכים געווען. אין דער זעלבער צייט האָט זיך צו אונז געוואָנדן אַ לאָדזשער פּליט, וואָס

1) ווענן דעם טויט פון אָסטראָווצער רבין דערציילט נאָך א סאַנדאָמירער ייד, זאַבערמאַן, אז גייער האט געהייסן דעם יודענראַט, זיי זאָלן פאַרהאַלטן דעם אָסטראָווצער רבין. עס האָבן זיך געפונען 10 יידן, וואָס האָבן אים געוואָלט פאַר־בייטן, אָבער דער יודנראַט איז געווען קעגן דעם און אויך דער רבי האָט נישט געוואָלט אָננעמען זייער קרבן. אויף מאָרגן איז געקומען גייער און געהייסן אַרויספירן דעם רבין. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אנטקעגן רבין און אָנגעהויבן צילן אין אים, אָבער נישט געשאָסן. אזוי האָט ער געצילט עטלעכע מאָל, ביז וואַנען ער האָט דעם רבין דערשאָסן. נאָכדעם האָט ער אים אריינגעשטעקט א פּאַפּיראָס אין מויל און אזוי אָפּפאָטאָגראַפירט. (באַמערקונג פון פּראָטאָקאָלאַנט)

האָט פריער געוווינט אין זאַוויכאָסט און שפּעטער געווען אין יודנשטאָט. ער האָט אונז פאַרגעלייגט, אַז ער וועט אונז צונויפפירן מיט פּאַרטיזאַנער פון לובלינער קאַנט, ווייל ער איז באַקאַנט מיט זיי. מיר האָבן דעם יידן געגעבן עסן, טרינקען און שלאָפן. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ פוטער, כאָטש אַ ייד האָט נישט געטאָרט טראָגן קיין פוטער. ער האָט אויך צוגעזאָגט, אַז די נאַכט, ווען ער וועט אונז אַרויספירן אין וואַלד, וועט ער אונז געבן אַ פּיסטאָלעט. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ שפּיאָן פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. צופעליק האָבן מיר זיך וועגן דעם דערוווּסט פון איינעם אַ ווינער יידן — וואָל, וועלכער האָט געוווינט מיט אונז צוזאַמען און וואָס האָט געדאַרפט מיט אונז צוזאַמען אַוועק אין וואַלד אַריין. וואָל איז געווען אַ מאָלער, אַלס אַזעלכער האָט ער געאַרבעט אין זשאַנדאַרמעריע. ער האָט באַמערקט, אַז דער זעלבער פאַרשוין זיצט נעבן קאָמענדאַנט פון זשאַנדאַרמעריע, דאָלמייער, וואָס שרייבט עפּעס לויט דעם, וואָס יענער פאַרשוין גיט אים איבער. מיר האָבן באַלד איבערגעריסן מיט אים. גלייכצייטיק האָבן מיר פאַרבירט אָנקניפּן באַציִונגען מיט פּ. פּ. ר. דורך סטאַשאָווער יידן, וואָס האָבן געאַרבעט ביים שאָסיי. אָבער פון דעם איז גאָרנישט געוואָרן, ווייל עס איז אונטערגעקומען די צווייטע אויסזידלונג פון סאַנדאָמיר. צוליב דער זעלבער סיבה האָט זיך אויך די פאַרבינדונג מיטן פּאָליאַק ראָטקאָווסקי איבערגעריסן.

עטלעכע טעג פאַר דער אויסזידלונג האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע, וואָס האָבן געהאַט קרובים אין פּאַלעסטינע, זאָלן זיך פאַררעגיסטרירן. דער יודנראַט האָט ביי דער רעגיסטראַציע גענומען צו 5 זל. פון אַ פּערזאָן. רעגיסטרירט האָבן זיך 2000 יידן, פיל מענטשן האָבן זיך נישט באַוויזן צו רעגיסטרירן.

די לעצטע טעג פאַר דער אויסזידלונג האָבן אַרום פאַרקאָן געברענט גרויסע לאָמפּן, וואָס האָבן באַלויכטן דעם געטאָ. אַרום געטאָ האָבן זיך געדרייט דייטשע און פּוילישע פּאַטרולן. מיר

האָבן געפּילט די דערנענטערונג פון דער קאַטאַסטראָפע. 5 טעג פאַר דער אויסזידלונג האָט לעשער, זייענדיק זיכער, אַז מיר וועלן נישט אַנטלויפן, געזאָגט, אַז עס וועט פאָרקומען אַן אויסזידלונג. דערביי האָט ער צוגעזאָגט, אַז 300 מענער וועלן קאָנען גיין אין לאַגער קיין סקאַרזשיסקאָ. מיר האָבן זיך אַרומגערעדט ווי פאַרסמטע. מיר האָבן פּראָבירט געבן די וועכטער צו 1000 זל. פון אַ מאַן, זיי זאָלן אונז דורך די טירלעך פון טויער אַרויספירן, אָבער עס איז געווען אוממעגלעך. די פּאַסטקע איז געווען גוט פאַרמאַכט.

דעם 10־טן יאַנואַר 1943 יאָר איז דאָס געטאָ געוואָרן אַרומגעשטעלט מיט ליטווישע און אוקראַינישע פאַרניכטונגס-קאָמאַנדעס. עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, אַז קיינער טאָר נישט אַרויס פון געטאָ. אַפילו אַזעלכע מענטשן ווי ד״ר קאַפּלאַן, שיקאָרסקי, אַ מיטגליד פון סאַנדאָמירער יודנראַט. וואָס האָבן געהאַט אויסווייזן, האָבן נישט געטאָרט אַרויסגיין פון געטאָ. לעשער דער קאָמענדאַנט פון געטאָ האָט זיך אויסגעדריקט, אַז ווען דער הער גאָט זאָל וועלן אַרויסגיין, קאָן ער אויך נישט. פּריוואַטיק ביינאַכט זיינען די אוקראַינער אַריבער דעם פּאַרקאַן און אָנגעהויבן ראַבירן יידישע הייזער. וועלנדיק זיך ראַטעווען האָט מרדכי וויסבלום, דער פּרעזעס פון אַפּט, גאָדל רעדעלמאַן, אַ ראַטמאַן פון סאַנדאָמיר, דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי אין סאַנדאָמיר, מאַקס ראַפּאָפּאָרט, וועלכער האָט זיך שפּעטער אויסבאַהאַלטן אויף פּוילישע פּאַפּירן אין וואַרשע, האָבן אָנגעהויבן אויסשטעלן אַ ליסטע פון יודנראַטניקעס, וואָס האָבן פאַרדינט פאַר די דייטשן.

שרעקלעך איז געווען דער טאָג פון 9-טן יאַנואַר. מען האָט געוווּסט אַז דער סוף איז אוממפאַרמיידלעך. פּונקט איז עס געווען שבת. פיל מענטשן האָבן פּרובירט אַריבערגיין דורכן פּאַרקאַן, אָבער זיי זיינען גלייך דערשאָסן געוואָרן. זונטיק, דעם 10־טן יאַנואַר איז אַלץ אַרויס אויף דער גאַס. דאָס גאַנצע געטאָ איז פול גע־

זוֹרן מיט זשאנדארמעריע, שוק־פּאָליציי און ס. ס. זוי ווילדע חיות האָבן זיי זיך מיט שטעקנס געדרייט צווישן עולם און גע־שלאָגן די דורכגייענדיקע ייִדן.

די אויסזידלונג אין סאַנדאָמיר איז געווען שרעקלעכער ווי אין קלעמענטאָוו. די ייִדן האָט מען נישט אַרויסגעלאָזט דורכן טויער, נאָר מען האָט אויסגעקלאַפּט אַ שטיקל פון פּאַרקאַן, עס זאָל זיך שאַפן אַן ענגשאַפט. אויפן וועג האָט מען געלייגט שטיינער, אַז ייִדן זאָלן פאַלן. פון ביידע זייטן זיינען געשטאַנען שפּאַלערן פון ס. ס. און געשלאָגן יעדן ייִד. עס איז געווען דעם טאָג אַ גרויסער פראָסט, עס איז געווען גליטשיק. מען האָט ביי אַלע ייִדן צוגענומען די פּלעצאַקעס, איבערגעלאָזט האָט מען פּלעצאַקעס נאָר ביי די 300 ייִדן, וואָס האָבן געדאַרפט גיין אין סקאַרזשיסקאָ. ביים אַרויסגאַנג פון געטאָ איז געשטאַנען דער קאָמענדאַנט פון געטאָ, מייסטער לעשער, מיט אַ געלאָדענעם פּיסטאָלעט, פון צייט צו צייט פלעגט ער אַרויס־שלעפּן פון דער ריי אַ מענטשן און אים שיסן. אַזוי אַרום האָט ער דעם טאָג געהרגעט 60 מענטשן. ביים אַרויסגאַנג פון געטאָ איז געווען אָנגעלייגט אַ באַרג טויטע, געהרגעטע דורך אים.

די ייִדישע פּאָליציי, וואָס איז נאָך געווען אין געטאָ אין צאָל פון 40—50 מאַן, האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע ייִדן, עס האָט נישט געהאָלפן די טרייע דינסט און נאָכגיביקייט. מען האָט זיי אַרויסגעטריבן גלייך מיט אַלע. עס איז נאָר געווען איין אויסנאַם — שמעון בוים. אים האָט מען מיט זיין פרוי איבערגעלאָזט. די איבער־געבליבענע ייִדן האָט מען אַריינגענומען אין בית־מדרש אַריין. אין דער זעלבער צייט האָט די זשאַנדאַרמעריע דערלעדיקט די ייִדן. גלייכצייטיק האָט די פּוילישע פּאָליציי ראַבירט די ייִדישע וווינונגען. ווען מיר זיינען שפּעטער אַריין אין שטוב, האָבן מיר אַלץ געטראָפן ווי נאָך אַ פּאָגראָם.

דורכן פענצטער פון בית־מדרש האָב איך געזען אַזאַ סצענע: עס זיינען געשטאַנען מייסטער לעשער און דער לייטענאַנט פון דער זשאַנדאַרמעריע דאָלמייער; לעשער האָט אַרויסגערופן פון בית־מדרש די פרוי שרהטשע גאָלדפינגער־טרייסטמאַן, די שנור פון

לאָדזשער רב טרייסטמאַן. ער האָט איר געפרעגט, ווו עס זיינען אויסבאַהאַלט אירע עלטערן, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט ער איר פאָטער, מוטער און שוועסטער געוואָלט איבערלאָזן. זי האָט געזאָגט, אַז זי ווייסט נישט, ווו זיי זיינען. זיי האָבן איר געדראָט, אַז זיי וועלן זי דערשיסן, אויב זי וועט זיי נישט אַרויסגעבן. דאַן האָט זי אָנגעוויזן אויף זייער באַהעלטעניש. נאָר אַלס שטראָף, וואָס זיי האָבן זיך באַהאַלטן, האָט מען זיי געשיקט קיין טרעבלינקע. איר מיטן מאַן האָט מען איבערגעלאָזט. די שוועסטער פון קאָמענדאַנט הערצבערג פון ליצייאום, די פרוי סאַכאַנאָוויטש האָט געהאַט אַ קליין קינד. זי האָט געבעטן, מען זאָל זי איבערלאָזן מיטן קינד אין ליצייאום. זיי אָבער האָבן געוואָלט דאָס קינד שיקן מיט דער אויסזידלונג. זי איז נישט מסכים געווען זיך צו שיידן מיטן קינד און זי האָט זיך אַריינגעשטעלט אין טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע. אינדערפרי, אין טאָג פון אויסזידלונג, דעם 10־טן יאַנואַר 1943 יאָר, האָט זי אויסגעטרונקען סם. אַזוי ווי דער סם האָט נישט גוט געווירקט, האָט זי אַ זשאַנדאַרם צוגעשאָסן. און ערשט נאָכדעם איז געקומען דער פירער פון ס. ס., בוליאָן, און געוואָלט זי נעמען אין ליצייאום, נאָר זי איז שוין געווען טויט.

די פאַרבליבענע אין בית־מדרש האָט מען אַרויסגעיאָגט אין מאַרק, זיי זאָלן צונויפקלייבן די טויטע און די פּלעצאַקעס. איך בין אויך געווען צווישן די. מיר האָבן געזען אַזאַ בילד: פון שטאָטישן שפּיטאָל האָט מען געבראַכט אַ יונגענמאַן פון סטאַשעוו. מען האָט אים געבראַכט אויפן מאַרק אין אונטערוועש, איינגעהילט אין אַ קאָץ. דעם קאָץ האָט מען ביי אים צוגענומען און אים אַוועקגעשטעלט צום טראַנספּאָרט. מייסטער לעשער האָט אים אַרויסגערופן און געזאָגט, ער זאָל זיך צווישן די פּלעצאַקעס אויסקלויבן עפּעס אָנצוטאָן. ווי נאָר ער האָט זיך איינגעבויגן, כדי עפּעס צו נעמען, האָט לעשער אַ ווינק געטאָן צו אַ זשאַנדאַרם, מען זאָל אים שיסן און מען האָט אים געשאָסן. אויף דער שוועל פון אַ הויז איז געזעסן אַ פרוי מיט אַ קינד. מען האָט זי צוזאַמען מיטן קינד אויף דער האַנט דערשאָסן.

# 7. די אויפּרוימונגס־קאָמאַנדע

פון שטאָט ביז צו דער באַן־סטאַציע איז געווען 2—3 ק"מ. דער גאַנצער וועג איז געווען פון ביידע זייטן געזייט מיט דערשאָסענע יידן. אויפן וועג זיינען געלעגן פאָטאָגראַפיעס, דאָלאַרן צעריסענע אויף פיץ־פיצלעך, כדי די דייטשן זאָלן זיי נישט באַקומען. ביי דער באַן־סטאַציע, ביים אויפלאָדן מענטשן אין וואַגאָנעס, זיינען געשטאַנען שפּאַלערן פון ס. ס. און שטאַרק געשלאָגן מיט שטעקנס איבער די קעפּ. גלייכצייטיק האָט מען פון אַלע יידן אַראָפּגעצויגן ביי דער באַן די פּאַלטנס. ביי אַ טייל האָט מען אפילו אַראָפּגענומען די מאַרינאַרקעס און די שטיוול. זיי זיינען געבליבן באָרוועס אין גרעסטן פראָסט. מיר פון די אויפרוים־קאָמאַנדעס האָבן איפּגעהאָדעוועט די פּאַלטנס אויף פורן און געבראַכט צוריק אין געטאָ. צו הילף די אויפּרוים־קאָמאַנדעס האָט מען אַראָפּגענומען פון צוג 3 יידן פון לאָדזש. די דריי מענטשן זיינען געווען איבערגליקלעך, וואָס מען האָט זיי אַראָפּגענומען פון די וואַגאָנעס. צווישן זיי איז געווען אַ פאָטער מיט אַ זון. איינער פון זיי האָט זיך געפרייט, אַז ער האָט אין אַ פּאַלטן געפונען עטלעכע הונדערט זלאָטעס. פאַרנאַכט, ווען אַלץ איז שוין געווען אויפגעלאָדעוועט אויף די פורן, איז געקומען דער זשאַנדאַרם, וואָס האָט די דריי יידן אַראָפּגענומען און האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל דעם חבר זיינעם, עדוואַרד קאָלום: „אומלייגן די דריי יודן!" יענער האָט נישט לאַנג געקלערט און האָט געשאָסן דעם ערשטן און צווייטן. דער דריטער האָט אַ געשריי געטאָן: „מיר אַרבעטן דאָך!" אָנשטאָט אַן ענטפער האָט דער זשאַנדאַרם אים אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער קאָלבע, ער איז אַנידערגעפאַלן און דער זשאַנדאַרם האָט אים געשאָסן.

ווען די פורן מיט די טויטע און מיט די באַלטנס זיינען געקומען אין געטאָ, האָבן מיר די פאַלטנס אַנגעלייגט אין שול און די טויטע האָט מען אָנגעלייגט ווי הערינג אויפן שול־הויף. דער גאַנצער שול־הויף איז געווען באַלייגט מיט געשאָסענע. מען האָט אָנגעציילט דעם טאָג 160 גע־שאָסענע. צווישן די געהרגעטע איז געווען 12 געשאָסענע קינדער אין עלטער פון עטלעכע וואָכן ביז 10 יאָר. די פיצלעך זיינען נאָך געווען געוויקלט אין די קישעלעך. ביינאַכט האָט זיך דער אַר־בעטס־טאָג פאַרענדיקט און מיר זיינען געגאַנגען שלאָפן אין אונ־זערע אַלטע וווינונגען. אויפדערנאַכט האָבן מיר דערהערט פון אַ שכנותדיקער וווינונג שטאַרקע קרעכצן. מיר האָבן אָנגעצונדן אַ לאָמפּ און אַריינגעגאַנגען אַ קוק טאָן, ווער קרעכצט עס. מיר זיינען אַריין אין קיך, דאָרט איז אויפן בעט געלעגן אַ דערשאָסענער ייד, און דער צווייטער שטוב זיינען איף צעריבן שטרוי געלעגן צוויי יידן. איינער איז שוין געווען טויט, דער צווייטער האָט נאָך גע־קרעכצט. זיין צושטאַנד איז שוין געווען אַ האָפענונגסלאָזער. דער אומגליקלעכער האָט זיך נאָך געמאַטערט אַ גאַנצן מעת־לעת, ביז ער איז געשטאָרבן. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער טאָג פון 10־טן יאַנואַר 1943 יאָר.

צומאָרגנס האָבן זיך אַלע 65 איבערגעבליבענע געשטעלט צום אַפּעל אין געטאָ. דאָס געטאָ האָט אויסגעזען שרעקלעך. עס איז שוין נישט געווען ענג. פון די טויזנטער יידן איז גאָרנישט געבליבן. עס וואַלגערן זיך פלעצאַקעס. די שטיינער זיינען רויט פון בלוט. אויפן אַפּעל איז געקומען לעשער מיטן קאָמענדאַנט פון זשאַנדאַר־מעריע דאָלמייער. מען האָט אונז געפירט אויפן בית־עולם און לעשער האָט אונז אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, מיר זאָלן גראָבן אַ קבר. די פרויען זיינען געבליבן סאָרטירן די זאַכן. דאָס קבר האָט גע־דאַרפט האָבן עטלעכע צוואַנציק מעטער די לענג, 2 מעטער די טיף, אַ מעטער 80 ס"מ די ברייט. עס איז געווען אַ פראָסט. די אַרבעט איז געווען זייער באַשווערט. עס האָט געדויערט מער ווי

אַ וואָך אויסגראָבן דאָס קבר. דערווייל איז געוואָקסן יעדן טאָג די צאָל יידן, וועלכע מען האָט געכאַפּט אויפן וועג, אין די דערפער, אין שטאָט, און מען פלעגט זיי ברענגען אין געטאָ, אַרויספירן אויפן בית־עולם און שיסן זיי. איין פויער האָט געבראַכט אויף אַ וואָגן אַ דערשאָסענעם ייד. מען האָט אים, ווייזט אויס, פאַרן טויט געשלאָגן, ווייל די הענט זיינען ביי אים געווען שוואַרץ און אויפגעלאָפן ווי אַ באַרג. ווען דער קבר איז פאַרענדיקט געוואָרן, האָט די צאָל פון די דערשאָסענע, וואָס האָט אין טאָג פון אויסזיד־לונג געציילט 160 יידן, דערגרייכט ביז איבער 300. אַזוי ווי די טויטע זיינען אַ גאַנצע וואָך געלעגן אויפן הויף, זיינען זיי צוגע־פרוירן געוואָרן צו דער ערד. מיט לאָפּאַטעס האָט מען געמוזט זיי אָפּרייסן פון אייז. ווען די אַרבעט אויפן בית־עולם איז פאַרענדיקט געוואָרן, האָט מען אַ טייל גענומען צו דער אַרבעט ביי דער ווער־מאַכט אין גאַרניזאָן, טייל האָט מען גענומען צום „ראָלניק", אַ גע־זעלשאַפט פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען. דערווייל קומען אָן ידיעות, אַז מען האָט אין געוויסע יודנשטאַטן אונטערגעצונדן די אויפרוים־קאָמאַנדעס מיט בענזין. אַנדערע זאָגן, אַז מען האָט זיי געשאָסן. אויף אַזאַ אופן האָבן מיר געלעבט אין איין טויט־שרעק.

די ערשטע טעג, ווען מען האָט געכאַפּט אַ יידן פון די אויס־באַהאַלטענע, האָט מען אים גלייך געשאָסן, שפּעטער האָט זיך די באַציונג געענדערט. אַז מען האָט געכאַפּט אַ יידן, האָט מען אים אַריינגעלאָזט אין געטאָ. די ערשטע טעג, ווען מיר זיינען געגאַנגען גראָבן דעם קבר, האָט אונז געפירט אַ יידישער פּאָליציאַנט. איין־מאָל פאַרנאַכט,* ווען מיר זיינען צוריקגעגאַנגען פון בית־עולם אין געטאָ, קומט צו גייך צו אונז אַ סאַנדאָמירער ייד, זעליק שטרומף. ער גייט צו צום פּאָליציאַנט אברהם־לייב וואַסערמאַן און בעט אים, ער זאָל אים דערלויבן זיך אָנשליסן אָן אונזער גרופּע. דאָס איז געווען נאָך דער צווייטער אויסזידלונג און עס האָבן זיך אַרומגע־דרייט אַ סך אומלעגאַלע. דער פּאָליציאַנט האָט אים דאָס נישט געוואָלט דערלויבן. צומאַרגנס אינדערפרי האָט די זשאַנדאַרמעריע

דורכעפירט אַן אָבלאַווע. זיין געגנט פון ליציאַום. צווישן אַנדערע איז אַרייַנגעפאַלן זעליק שטרומף. מען האָט אים און אַנדערע יידן געשאָסן. מען האָט בלויז געלאָזט די יידן, וואָס זיינען אַליין געקומען אין געטאָ. דאָס זיינען געווען מענטשן, וואָס זיינען געשפרונגען פון צוגן און אַנדערע. די צאָל מענטשן אין געטאָ שטייגט אַריבער הונדערט.

נאָכן פאַרענדיקן דעם קבר אַרבעטן די יידן ביים רוימען די וווינונגען נאָך די אויסגעזידלטע. מעבל האָט מען אַרויסגעפירט אויפן בית־עולם, געפעס האָט מען געזאַמלט אין אַן אַנדער פונקט א. אַז. וו. אין די וווינונגען זיינען געווען צו 8—10 פריטשעס, ווייל יידן האָבן געוווינט אין אַ גרויסער ענגשאַפט. זאָין איין וווינונג האָב איך געזען רעשטלעך פון פאַרבּרענטער מאַנופאַקטור־שטאָף אין אַן אויוון. פון די וווינונגען האָט מען גאָרנישט גענישט געטאָרט אַרויסנעמען. עס איז געווען אַ פאַל: איינער איז דערשאָסן געוואָרן, ווייל ער האָט פון אַ שטוב צוגענומען פאַר זיך אַ פלעשל שמאַלץ.

נאָך אַ געוויסער צייט איז אין געטאָ איינגעאָרדנט געוואָרן אַ שניידער־ און אַ שוסטער־וואַרשטאַט. די סטאָליאַרעס ווערן באַשעפטיקט ביי זייער פאַך. אָבער יעדער פון אונז טראַכט וועגן אַנטלויפן פון געטאָ. מיר האָבן זיך אָבער געמוזט היטן פאַר אייגענע היגס.

מיט אונז צוזאַמען איז געווען כיל לעדערמאַן פון קלעמענטאָוו, ער איז אַנטלאָפן אין אַ דאָרף אַריין, ווו ער האָט זיך באַהאַלטן ביי אַ פויער. אַזוי ווי מיר האָבן מורא געהאַט, מען זאָל אונז נישט צוציען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט, האָבן מיר זיך אָפּגערעדט מיט זיין ברודער, וואָס איז אויך געווען אין געטאָ, אַז אין פאַל ווען מען וועט אונז פרעגן, וועלן מיר זאָגן, אַז ער איז געווען נישט נאָרמאַל, אַז ער האָט זיך מיטן ברודער שטענדיק אַרומגעקריגט און גערעדט אַז ער וועט אַנטלויפן. דערווייל איז אַדורך 8 טעג און דער זשאַנדאַרם האָט נישט באַמערקט, אַז ער איז אַנטלאָפן. איין פּאָליציאַנט ביי פענטשינאַ, האָט עס נישט געקאָנט אַריבערטראָגן און זער-

ציילט וועגן דעם זשאַנדאַרם. אויף אַזאַ אופן האָבן מיר זיך וועגן דער מסירה דערוווסט: אויפן אַפּעל האָט דער זשאַנדאַרם געפרעגט דעם ברודער פֿון אַנטלאָפענעם, ווו ער איז. דער ברודער האָט געענטפערט, אַזוי ווי מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז ער איז געווען אומנאָרמאַל און ער איז נעכטן אַנטלאָפן. דער זשאַנדאַרם האָט געהייסן אַרויסטרעטן אַלע קלעמענטאָווער אויסער מיר און צושטעלן זיך צו דער וואַנט. דאַן האָט ער מיך אַרויסגערופן און געזאָגט: „דו ביסט דאָך אַ שניידער, זיצסט אַ גאַנצן טאָג אין שטוב, זאָג, ווען איז ער אַנטלאָפן?״ איך האָב געזאָגט דאָס זעלבע, וואָס זיין ברודער. דער זשאַנדאַרם האָט אַ רוף געטאָן פּענטשינאַ ער זאָל פעסטשטעלן, ווען איז יענער אַוועק. אויף אַזאַ אופן האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז פּענטשינאַ האָט וועגן דעם געמסרט. מיט דעם איז דער אינצידענט געענדיקט געוואָרן.

עס קומען אָן פאַרשידענע יידן אין געטאָ: פון די באַנען, באַהאַלטענע ביי פּויערים, פון סקאַרזשיסקאָ. אין צייט פֿון דער אויסזידלונג האָבן זיך די זשאַנדאַרמען ספּעציעל נוקם געווען אין די יודנראַטניקעס און אין די יידישע פּאָליציאַנטן. ער האָט זיי נישט געשיקט אין סקאַרזשיסקאָ, נאָר קיין טרעבלינקע. ווען דער יודנראַטניק שקלאַרסקי איז אַרויסגעטרעטן און געבעטן, מען זאָל אים צוטיילן צו די סקאַרזשיסקער, האָט מען אים שטאַרק געשלאָגן און אַוועקגעשיקט מיטן טראַנספּאָרט. פֿון טראַנספּאָרט האָבן פיל יידן געשפּרונגען פון די וואַגאָנעס, אַ סך פון זיי זיינען געשאָסן געוואָרן ביים שפּרינגען פון צוג. אַזוי איז דערשאָסן געוואָרן שקלאַרסקי. דער פּאָליציאַנט מאיר ווייסבראָט, אַ שוואָגער פון קלעמענטאָווער פּרעזעס.

מיר, איבערגעבליבענע אין געטאָ, האָבן זיך געטראָגן מיט פּלענער פון אַנטלויפן. עטלעכע יונגעלייט האָבן באַשלאָסן צו פאַרשאַפן זיך געווער. זיי האָבן זיך פֿאַרבונדן מיט אַ פּאָליאַק, אים געשיקט קיין סטאַשעוו, ער זאָל זיי שאַפן געווער. און דער זעלבער פּאָליאַק האָט זיי פאַראַטן פֿאַר דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע.

אינדערפרי ביים אַפּעל זיינען געקומען דער מייסטער לעשער און דער זשאַנדאַרם שומאַן. זיי האָבן אַרויסגערופן אַ געוויסן קראַ־קאָווסקי און אים געפרעגט, פאַרוואָס ער איז נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן. שומאַן האָט אים אָנגעהויבן שטאַרק צו שלאָגן און דער זשאַנדאַרם לעשער האָט אים באַפוילן צו אַרעסטירן. די ידישע פּאָליציי האָט אים אַריינגעזעצט אין ידישן אַרעסט. אויף צומאָרגנס האָט מען אים אַרויסגענומען אויפן שול־פּלאַץ און דערשאָסן. אַ צווייטן מאָל איז דער זעלבער שומאַן געקומען אין אַ געוויסן טאָג אין געטאָ און גלייך אַריין אין דער וווינונג פון משה מאַנדלבוים. דאָרטן האָט ער געטראָפן יאַנקל ווערנער, כעמיע מיטן צונעמעניש „באַ־זשע דאַיע" און אַ פּליט פון בידגאָשטש יורעק ווייסמאַן. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז ער געקומען לויט אַ מסירה פון גאָדל ריידערמאַן, אַ יודנראַטניק פון סאַנדאָמיר. דעם ערשטן פון די פאַרזאַמלטע, יאַנקל ווערנער, האָט די זשאַנדאַרמעריע געזוכט, ווייל ער איז נישט געווען געמאָלדן אין געטאָ. ער פלעגט זיך דרייען מחוץ פון געטאָ, נאָר פון צייט צו צייט פלעגט ער אַריינקומען. מען האָט זיי אַלע אויסער יורעק ווייסמאַן, וועלכער איז אַנטלאָפן, צוגעפירט צו דער זשאַנדאַרמעריע און באַלד דערנאָך אויפן בית־עולם דערשאָסן.

אין אַ געוויסן טאָג, דאָס איז געווען פעברואַר 1943 יאָר, איז פון אָסטראָוויעץ געקומען די ס. ד. זיי האָבן זיך געפרעגט אויף אַ געווימל באַטיסט. יענער איז געווען אַ דענטיסט און געווען שול־דיק אַ געוויסע פירמע געלט פאַר אַ מאשין, איז מען געקומען צו אים מאָנען געלט פאַר דער מאַשין, וועלכע מען האָט שוין לאַנג ביי אים צוגענומען. ער אַליין איז שוין דאַן געווען אין סקאַרזשיסקאָ, גלייכצייטיק זיינען זיי צוגעפאָרן צום ליציאַום, גענומען דעם קאָ־מענדאַנט פון ליצייאום־לאַגער יורעק הערצבערג פון לאָדזש, אים צוגעפירט צום שטאָטישן אַרעסט און פאַר דער טיר פון אַרעסט אים אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ אַריין. די סיבה דערפון איז

געווען פאָלגנדיקע: דאָס ליצייאום איז געווען אונטערן אויפזיכט פון ס. ס. דאָרט איז שטענדיק געגאַנגען אַ האַנדל-וואַנדל מיט די יידן. צוליב דעם איז צווישן דער זשאַנדאַרמעריע און די ס. ס. אַנטשטאַנען אַן אַנטאַגאָניזם. דער זשאַנדאַרמעריע האָט פאַרדראָסן, פאַרוואָס די ס. ס. מאַכט אַזעלכע גוטע געשעפטן און דערפאַר האָבן זיי געשאָסן הערצבערגן.

די פרוי גאָלדפינגער, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן אידע עלטערן, האָט פון מאַנס צד געהאַט פאַמיליע אין וואַרשע. די פאַמיליע האָט זיך באַמיט אריבערצונעמען זי מיטן מאַן קיין וואַרשע. דעם מאַנס ברודער טרייסטמאַן איז מיט אַ דער־לויבעניש פון דער ס. ס. געקומען נאָך זיי פון וואַרשע. דער שאָפער פון אויטאָ איז אויך געווען אַ ייד. זיי האָבן געהאַט אַ פּשע־פּוסטקע אויף קאָנען פריי פאָרן. ווען דער שאָפער איז געשטאַנען פאַרן טויער פון געטאָ, איז אָנגעקומען דער זשאַנדאַרם טונמאַן און האָט אַ געשריי געטאָן: „די הענט אינדערהויך!” ער האָט אים אַ פרעג געטאָן, נאָך וועמען ער איז געקומען. מען האָט דעם שאָ־פער פאַרהאַלטן, מען האָט אויך פאַרהאַלטן דעם שוואָגער פון דער פרוי גאָלדפינגער. נאָכדעם האָט מען אַרעסטירט שרהטשע גאָלד־פינגער מיטן מאַן און אין דעם מאָמענט, ווען מען האָט זיי געפירט אין דער תפיסה אין סאַנדאָמיר, זיינען אין זייער וווינונג אַריין גאָדל ריידערמאַן און דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי מאַקס ראַפּאָפּאָרט. אין דערזעלבער וווינונג האָבן געוווינט נאָך יידן, וואָס האָבן אָבסערווירט ווי גאָדל ריידערמאַן און ראַפּאָפּאָרט האָבן אָנגעהויבן זוכן זייער געלט און געפונען עטלעכע הונדערט דאָלאַר אונטערן שענקל. אַזוי אַרום האָבן זיי געירשנט דאָס געלט פון דער פאַמיליע גאָלדפינגער נאָך פאַר זייער לעבן. צומאָרגנס האָט מען די פרוי גאָלדפינגער מיטן מאַן, שאָפער און שוואָגער געשאָסן אויפן הויף פון דער תפיסה.

אַ צווייטן מאָל איז אין געטאָ געקומען דער זשאַנדאַרם שומאַן און געטראָפן יורעק ווייסמאַן, וועלכער איז מיט אַ געוויסער צייט

צוריק אַנטלאָפן. ער האָט אים אָנגעהויבן נאָכצויאָגן. אים צו הילף איז געקומען גאָדל ריידערמאַן און נאָך אַ 60־יעריקער ייד לייבעלע קאָגוט, אַ שניידער. יורעק איז אָבער אַריין ערגעץ אין אַ הויז און פֿאַרשוווּנדן געוואָרן פון געטאָ.

אין סאַנדאָמיר און אַרום ליצייאוב האָבן זיך געדרייט אַ סך אומלעגאלע יידן. איינמאָל איז פאָרגעקומען אַן אָבלאַווע. מען האָט געכאַפּט עטלעכע יידן און זיי געפירט צום דערשיסן. צווישן זיי איז געווען אַ ייד אברהמעלע אַדאַם. שוין זייענדיק אויפן בית־עולם האָט ער אויסגעטאָן פון זיך די דיקע קורטקע, איז צוגעלאָפן צום ס. ד., וואָס האָט זיי געפירט צום שיסן, אים אַרויפגעוואָרפן די קורטקע אויפן קאָפּ, געגעבן עטלעכע פעסטע זעץ אין קאָפּ און איז אַנטלאָפן. אָבער שפעטער, אין אַ געוויסער צייט אַרום, האָבן אים פוילישע רוצחים דערהרגעט.

געניע קלוס פון סאַנדאָמיר איז געווען באַליבט אין דער גאַנצער שטאָט. זי פלעגט אַרויסהעלפן באַהאַלטענע יידן אין די דערפער, אַנדערע פלעגט זי ברענגען געלט אָדער בריוו. זי פלעגט זיך אַרומדרייען פריי צווישן די פויערים. אַ סך יידן האָט זי איינגעאָרדנט אויף פוילישע פלאַצוווקעס. איר פאָטער איז געווען אַן ערד־אַרבעטער. איר פאַמיליע איז באַשטאַנען פון פשוטע דאָרף־מענטשן. אין אַ געוויסן טאָג האָט זי אַ פוילישער פאָליציאַנט, וואָס האָט געהאַט אַ סך יידן אויף זיין געוויסן, דערקענט און דערשאָסן.



די אַפּטער גאַס אין קלעמענטאָוו



אַ גרופּע יידן פון קלעמענטאָווער געטאָ

# 8. אין דאָרף קאַמיען

סוף מערץ 1943-טן יאָר האָט מען געשמועסט, אַז אַ טייל יידן וועלן גיין אין ליצייאום אַריין, אַנדערע וועלן גיין אין לאַגער. פאַרשטייט זיך, אַז פאָרצוג צו גיין אין ליצייאום האָבן געהאַט די יודנראַטניקעס און די, וואָס האָבן געהאַט אַ סך געלט. מאָנטיק דעם 5-טן אַפּריל האָט מען אַ קליינע גרופּע גענומען אין ליצייאום אַריין און מיטוואָך דעם 7-טן אַפּריל האָט מען אַ גרעסערע צאָל יידן אַוועקגעפירט אין אַ דאָרף קאַמיען, 5 ק"מ פון סאַנדאָמיר, ווו מען האָט באַדאַרפט צו אַרבעטן אין אַ גלאָז-הוטע. איך מיט מיין ברודער בין אויך געווען צווישן די יידן, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן צו אַרבעטן אין דער גלאָז-הוטע „מעטאַן". אַרויסצונעמען אונז פון געטאָ איז געקומען אַ פאָלקס-דייטש און אַ פּאָליאַק מראָזינסקי.

עס זיינען געקומען נאָך אונז פורן. מיר האָבן אַלע זאַכן אַוועקגעלייגט אויף די פורן. צווישן אונז איז געווען דער יידישער פּאָליציאַנט מאיר זאַלצבערג פון אָפּאַטשנע און זיין פרוי שרה. שוין אויפן וועג האָט ער זיך אָנגעהויבן צו באַמיען צו ווערן אַ שטיקל מאַכער. ער איז צוגעגאַנגען צו מראָזינסקי און געזאָגט, אַז מען דאַרף דאָ איינפירן אַ שטאַרקע האַנט לגבי די יידן. און ער האָט זיינס דערגרייכט. מען האָט אים באַשטימט אַלס אויפזעער ביי דער אַרבעט. ער איז געשטאַנען ביי דער אַרבעט מיט אַ ריטל אין האַנט.

די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע. מ'האָט געמוזט טראָגן שווערע שטיינער, מאַשינען. די דייטשן מיט די אויפזעער האָבן געיאָגט ביי דער אַרבעט אָן אויפהער. פון ליצייאום האָט מען אַלץ שטראָף איבערגעשיקט דעם געוועזענעם קאָמענדאַנט פון דער

יידישער פּאָליציי אין סאַנדאָמיר ראַפּאָפּאָרט מיט דער פרוי, דעם גענוי. קאָמענדאַנט פון דער קלעמענטאָווער פּאָליציי ישראל טענענ־ ווורצל מיט דער פרוי און קינד און אַן אינזשעניער מיט דער פרוי. מען האָט זיי געמאַכט פאַר אויפזעער אין „מעטאַן״.

צומאָגנס, נאָך אונזער קומען אין „מעטאַן״, איז געקומען די ס. ס. און געפאָדערט, מיר זאָלן אָפּגעבן אַלע ווערטפולע זאַכן און געלט. זיי האָבן צוליב דעם צוועק אַוועקגעשטעלט אַ קאַסטן און דאָרטן האָט מען אַלץ געדאַרפט וואַרפן. דער פּאַרוואַלטער איבער „מעטאַן״ איז געווען אַ פאָלקס־דייטש מיטן נאָמען פריק. ער איז געווען ברוטאַל. ביינאַכט פלעגט ער אַריינגיין אין באַראַק און קוקן, צי אַלע שלאָפן. עס איז געווען אַ פאַל, ווען איינער איז פּונקט געווען אינדרויסן, האָט ער אים נאָך זיין אַריינגיין געהייסן אַוועק־ לייגן אויפן באַנק און אים געגעבן שמיץ. אויך דער קאָמענדאַנט ראַפּאָפּאָרט, וואָס איז געווען אַן אויפזעער, האָט געמסרט פאַרן דייטש אַ געוויסן יינגל טשאַפּניק, ווייל ער האָט אים נישט אַזוי שנעל געענטפערט, און יענער האָט אים שטאַרק צעשלאָגן.

אין אַ געוויסן טאָג, ווען מיר זיינען געשטאַנען אין הויף, האָט זיך באַוויזן יורעק ווייסמאַן, וואָס איז צוויי מאָל אַנטלאָפן פון סאַנדאָמירער געטאָ. ער איז אַליין געקומען אין הויף, ווייל ער האָט עפּעס געוואָלט פאַרקויפן און קויפן, כדי אויסצוהאַלטן זיין מוטער, שוועסטער און ברודער, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן ביי פּאָליאַקן. ער איז פאַרהאַלטן געוואָרן דורכן דייטשן פאַרוואַל־ טער, וועלכער האָט וועגן אים געמאָלדן דער ס. ס. די ס. ס.־ לייט זיינען געקומען און האָבן באַפוילן, מען זאָל אים אַריינגעמען אין פאַבריק אַרבעטן. ער האָט געאַרבעט ביז מיטאָג. נאָך מיטאָג האָט דער פאַרוואַלטער געקלונגען אין זשאַנדאַרמעריע, אַז אַ געוו־ ויסער ווייסמאַן געפינט זיך אין פאַבריק. די זשאַנדאַרמעריע, ביי וועלכער ער איז געווען פאַרצייכנט, האָט אים געהייסן פאַרהאַלטן. ער איז ווייטער אַנטלאָפן. דער פּוילישער אויפזעער, פּילאַט, האָט אים נאָכגעיאָגט און געכאַפּט. מע האָט אים אַריינגעזעצט

אין קעלער און באַפֿוילן צוויי ייִדישע פּאָליציאַנטן: מאיר זאַלצ־בערג און יאַקוב בראָניאַטאָווסקי, אַז זיי זאָלן אים היטן. ער האָט זיך געבעטן ביי זיי, געחלשט, אַז זיי זאָלן אים אַרויסלאָזן, נאָר עס האָט נישט געהאָלפֿן. אַזוי האָט עס געדויערט ביז פֿאַרנאַכט. פֿאַרנאַכט זיינען געקומען פֿון סאַנדאָמיר אויף ראָווערן צוויי זשאַנ־דאַרמען טוגעמאַן און קראַון. זיי האָבן אים אַרויסגענומען, אַרויס־געפֿירט אויסערן לאַגער אויפֿן פֿעלד און געשאָסן.

אַזוי האָט זיך געצויגן דאָס לעבן אין „מעטאַן". טאָג־טעגלעך איז מען געגאַנגען צו דער אַרבעט. פֿאַרנאַכט האָבן מיר געהערט קלאַנגען פֿון ראַדיאָ, וואָס האָבן זיך געטראָגן פֿון דער וווינונג פֿון דייטש. יעדן פֿאַרנאַכט פֿלעגט ער אָנשטעלן אויף אַן אוידיציע, וואָס איז געווען גע־ווידמעט די ייִדן. די אוידיציע האָט ער אונז נישט געשטערט צו הערן. פֿון די אוידיציעס האָבן מיר זיך אין אַפּריל 1943 יאָר דער־וווסט וועגן דער פּראָוואָקאַציע פֿון קאַטין. אַ שטיקל טרייסט האָב איך געהאַט, ווען איך האָב געפֿונען אַ שטיקל צייטונג מיט גע־רינגס אַ רעדע, וווּ ער האָט געזאָגט, אַז די וועלט ווייסט גאָרנישט, ווי רוסלאַנד איז באַוואָפֿנט, אַז עס זיינען פֿאַראַן אין רוסלאַנד שטעט, וואָס געפֿינען זיך נישט אויף דער מאַפּע און וווּ מען אַר־בעט אויס כלי זינס, אַז די מלחמה מיט פֿינלאַנד האָבן די רוסן ספּעציעל פֿאַרשלעפּט און באַנוצט אַלט געווער, כדי אָפּצונאַרן די וועלט, אַז זיי האָבן נישט קיין געווער.

קיין ספּעציעלע נייעס איז דאָרט מער נישט פֿאָרגעקומען. מיר זיינען אין „מעטאַן" געווען 6 וואָכן.

נישט לאַנג פֿאַרן ליקווידירן דעם לאַגער האָט מען טענענ־וווּרצל מיט דער פֿרוי און קינד און אַנדערע צוריקגעשיקט אין ליצייאום. דער אינזשעניער מיט דער פֿרוי איז אין פּוילישן „וויעל־קאַנאָץ" אַנטלאָפֿן פֿון „מעטאַן".

דער 15־טער מאַי 1943 יאָר איז געווען דער לעצטער טאָג אין „מעטאַן".. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער טאָג. דער שרעק־

לעכסטער טאָג אין מײן לעבן.

אינדערפרי, באַלד, ווי מיר זײנען נאָך געלעגן אויפן געלעגער, איז אַרײַן אַן ס. ס.־מאַן און געזאָגט, אַז אין 10 מינוט אַרום דאַרף אַלץ זײן אָנגעטאָן. אַלע זײנען געװען דערשראָקן ביז צום טויט. אַמסמײסטן פון אַלע האָט זיך דערשראָקן דער ד״ר קאַפּלאַן. פאַרבײגײענדיק פאַרבײ מיר, האָט ער געזאָגט: „איצט גײען מיר אַלע צום דערשיסן". דאָס איז געװען האַלב זעקס אינדערפרי. מיר זײנען אַלע אַרויס אויפן פּלאַץ, מען האָט אָפּגעצײלט די פאַרזאַמלטע. עס האָבן געפעלט צוויי: יודל טײטלבוים און הײמעק רײכמאַן, וועלכע זײנען אַנטלאָפן. אינדרויסן שטײט שוין דער מאַיאָר פון דער ס. ס. און גיט אונז אַ באַפעל, מיר זאָלן אַרײנגײן צוריק אין באַראַק און נעמען דעם האַנט־באַגאַזש. יעדער אײנער נעמט, וואָס ער קאָן. דער דאָקטאָר קאַפּלאַן פרעגט, צי ער קאָן נעמען זײנע מעדיצינישע אינסטרומענטן, נאָר מען דערלויבט אים נישט. מען שטעלט אונז אויס אין צווײען. דער שאָפער פון ס. ס. גראָט, גיט אונז אַ באַפעל, מיר זאָלן גײן און ער זאָגט: „איצט גײט איר אין ירושלים־הויז" (אויף יענער וועלט). מען פירט אונז. יעדער קלערט, וואָס צו טאָן. אָבער אַנטלויפן איז יעצט נישט מעגלעך. מען קומט קײן סאַנדאָמיר.

# 9. די ענדגילטיקע ליקווידאציע פון סאנדמירער געטא

מען פירט אונז אַריין אין געטאָ. דער מאַיאָר פאָרט צו מיט זיין טאַקסי צו דער זשאַנדאַרמעריע און די רעשט ס. ס.־לייט פירן אונז אריין אין געטאָ. באַלד דערנאָך קומט צוריק צופאָרן דער מאַיאָר מיט לעשערן און אַנדערע. אין געטאָ זיינען נאָך געוועזן יידן, זיי ווערן שרעקלעך דערשראָקן, ווען זיי דערזען אונז. ביים געטאָ־טויער איז געשטאַנען אַ ייד, וואָס האָט געהיטן דעם טויער. ער ווערט באַזייטיקט און מען שטעלט אַוועק אַ זשאַנדאַרם. די יידן פון געטאָ ברענגען אונז ארויס וואסער צו טרינקען, ווייל עס איז געווען א גרויסע היץ. גלייכצייטיק זיינען דריי יידן אַנטלאָפן פון געטאָ. זיי זיינען אריין אין אַ הויז, וו ס'איז געווען א קעלער, וואָס האָט געפירט אויסערן געטאָ. דאָס זיינען געווען משה שוואַרצמאַן, הארצעלע פרידמאַן און אַ יינגל מיטן נאָמען מיכל. אין אַ שעה אַרום ברענגט מען צופירן פון ליצייאום אַ טייל יידן, צווישן זיי ישראל טענענבורצל מיט דער פרוי און קינד, דעם קאָמענדאַנט פון דער סאַנדאָמירער פאָליציי מיט דער פרוי, נאָך עטלעכע מענטשן און מוטערס מיט קליינע קינדער. צווישן זיי איז געווען די פרוי פון יורעק הערצבערג. ראַפּאָפּאָרט גנבט זיך ארויס פון געטאָ. ווי מען שמועסט האָט ער עס געטאָן מיט דער דערלויבעניש פון לייטענאַנט דאלמייער. מער איז ער שוין אין געטאָ נישט געקו־מען.

דערווייל איז געקומען דער מאַיאָר פון ס. ס. און קלייבט

זיך אויס צווישן די געטאָ־לייט אַ טישלער, אַ מאָלער, עטלעכע שניידערס, דעם באַליבטן מסור זייערן שמעון בוים מיט דער פרוי און שיקט זיי אָפּ אין ליציייאום. די רעשט דאַרף ווערן אַוועקגעשיקט קיין פּיאַנקי, אַ שטעטל 20 ק״מ נאָך ראַדאָם, וווּ עס געפינט זיך אַ פּולווער־פאַבריק.

עס זיינען אָנגעקומען די ווערקשוץ*) פון פּיאַנקי, וואָס האָבן אונז געדאַרפט באַגלייטן אין לאַגער. זיי האָבן אָנגעהויבן קלייבן מענטשן. אויף איין זייט האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אַרבעטס־פעיִקע און אויף דער אנדערער נישט אַרבעטס־פעיִקע, וואָס זיינען געגאַנגען צום דערשיסן. די קליינטשיקע קינדער האָט מען אָנגעהויבן אַרויסרייסן פון די מוטערס הענט. דאָס 4־יאָריקע קינד פון פרוי טראַובע מיטן בלאָנדן לאָקן־קעפּל, האָט זיך צוריקגעריסן צו דער מוטער און געשריען: „מאַמעשי, איך וועל אָן דיר נישט קאָנען לעבן"! דאָס קינד האָט נישט געוויינט, נאָר אַזוי געשריען, אַז עס האָט געשפּאָלטן דעם הימל, נאָר דער זשאַנדאַרם האָט עס אָפּגעריסן.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אַדאַש הערצבערגן, דאָס קינד פון קאָמענדאַנט פון אפטער פּאָליציי יורעק הערצבערג. דאָס קינד איז געווען זייער שיין, עס האָט נאָך נישט געקאָנט ריידן, עס האָט זיך געקלאַמערט צווישן די פיס פון דער מוטער. זי האָט זיך געבעטן ביים מאַיאָר, ער זאָל איר איבערלאָזן דאָס קינד. ער האָט געזאָגט, אַז זי קאָן גיין צוזאַמען מיטן קינד. סוף־כל־סוף האָט אַ זשאַנדאַרם אַרויסגעריסן ביי איר דאָס קינד. דאָס זעלבע געשעט מיטן קינד פון טענענווורצל, דעם קאָמענדאַנט פון קלעמענטאָווער פּאָליציי און מיט אַ מיידעלע פון איינעם קראַקאָווסקי.

אונטער סאַנדאָמיר האָט געווינט אַ פּאָרפאָלק מיט אַ קינד, אַ יינגעלע. דאָס פּאָרפאָלק איז געווען געשמדט. נאָר צוליב אַ מסירה,

*) וועכטער פון אַ פאַבריק.

האָט מען זיי געבראַכט אין געטאָ. די מוטער האָט זיך געבעטן: „מיין קינד איז דאָך קיין יודע נישט!" אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. מען האָט איר קינד צוגעשטעלט צו די, וואָס דאַרפן געשאָסן ווערן.

די פרוי פון קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי, ראַפּאָפּאָרט האָט מען אַוועקגעשטעלט צום דערשיסן, כאָטש זי איז נאָך געווען יונג. זי האָט זיך געבעטן, אַז זי איז נאָך יונג, אַז זי קאָן אַרבעטן, אַז זי האָט געאַרבעט אין דער קיך אין ליצעאום. איז צוגעגאַנגען אַ זשאַנדאַרם און איר אזא קאָפּע געגעבן, אַז איך האָב געמיינט, אַז עס איז שוין געקומען איר סוף. זי האָט אָבער נישט רעזיגנירט, זי האָט געוויזן אירע ציין, אַז זי האָט זיי נאָך אַלע. און דער אַרגומענט האָט געווירקט און מען האָט זי באַשטימט צום לעבן (זי לעבט, זי געפינט זיך אין לאָדזש).

עס איז געווען אַ יינגעלע פון זיבן—אַכט יאָר, מאַניעק ווייסבראָט. ער האָט זיך געוואָלט אַליין ראַטעווען. ער האָט אונז געזאָגט, אַז ער וועט זיך שטעלן אונטער אונזערע פּלייצעס און וועט זיך צווישן אונז אַרויסגנבענען אויפן אויטאָ. ווען מען איז אונז געגאַנגען אַרויספירן, האָבן די וועכטער אים באַמערקט און אַרויסגעשלעפּט פון אונזער ריי. דאָס קינד האָט זיך געבעטן, געשריען, אַז ער קאָן אַרבעטן, נאָר זיי האָבן אים געשלעפּט צו דעם הויז, וווּ עס האָבן זיך געפונען די עלטערע מענטשן און קינדער פּאַראורטיילטע צום טויט. ער האָט זיך אָנגעהויבן ווערן, דאַן האָבן זיי אים געכאַפּט און אַריינגעוואָרפן אין שטוב דורכן פענצטער. צווישן די, וואָס מען האָט געפירט אין ליציאום, איז געווען אַן עלטערער מענטש, לייבעלע קאָגוט. ביי דער רעוויזיע האָט מען ביי אים געפונען אַ פלעשל בראָנפן. זיי האָבן אים געפרעגט, וואָס דאָס איז, האָט ער געזאָגט, אַז עס איז עסיג. זיי האָבן אים דערשאָסן.

אין ליציאום איז געווען דער פאָטער פון בלאָנדן מיידעלע פישל טראובע. ער איז צוגעגאַנגען צו גראָטן, דעם שאָפער פון ס. ס., און אים פאַרגעלייגט, אַז ער וועט אים

געבן 200 דאָלאַר פאַרן אַרויסגעבן דאָס קינד. דער ס. ס.־מאַן האָט געפאָדערט פריער דאָס געלט. זיי האָבן זיך אזוי לאַנג געאַמפּערט, ביז דער שאָפער האָט אים דערשאָסן.

מיר זייַנען אַוועקגעפאָרן. דאָס געוויסן האָט אונז גע־פּלאָגט, פאַרוואָס מיר האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט און נישט אַנטלאָפן פון „מעטאָן". מיט יעדן קילאָמעטער, וואָס מיר פאָרן אָפּ, ווער איך אַלץ מער פאַרצווייפלט ווייל איך זע, אַז די שאַנסן צום אַנטלויפן ווערן קלענער. נאָר ס׳איז פאַרפאַלן. אויף יעדן אויטאָ זיצן ווערק - שוץ באַוואָפנט און עס איז קיין רייד נישטאָ אנטלויפן אויפן וועג. מיר פאָרן אדורך פארביי אַסטראָוויעץ, שידלאָוויעץ, מיר זעען די יידישע געטאָס, וואָס זעען אויס פונקט ווי נאָך אן ערד־ציטערניש. די איינגעלייגטע הייזער מיט די ארויסגע־ריסענע וויטרינעס פון די פענצטער. די הייזער זעען אויס ווי סקע־לעטן. די רייזע דויערט ביז ארום 9 — 10 אויפדערנאכט. מיר קו־מען אָן צום שטח פון לאַגער, צום פאַבריקס־שטח פון פולווער־פאַ־בריק.

מיר קומען אָן קיין פיאָנקי.

# 10. פּיאַנקי

מיר קומען צו צו אַ געביידע, ווו עס ווערט דורכגעפירט אי־בער אונז אַ רעוויזיע, מען פירט אונז אריין צו עטלעכע מאַן צו־זאַמען. מען הייסט אונז, מיר זאָלן אַלצדינג ארויסגעבן. מען טוט אונז אויס, מען באַזוכט אונז. זיי פאָדערן, מיר זאָלן ארויסגעבן געלט און צירונג. איניקע געבן אָפּ אַ טייל געלט. אזוי ווי מען האָט אונז אונזערע זאַכן איבערגעלאָזט, האָבן מיר געהאָט די מעגלעכ־קייט דאָס געלט נישט ארויסגעבן. טייל האָבן צעשניטן אַ ברויט און ארייגבאַהאַלטן דאָס געלט אין ברויט. אָבער מען האָט זיי געצ־כאַפּט און געשלאָגן מכות רצח. נאָך דער רעוויזיע האָט מען אונז ארייגעפירט אין אַ הויז און אַרייגעפּאַקט אין צוויי קליינע צי־מערן. מענער מיט פרויען צוזאַמען. מיר זיינען געווען אַריבער 100 מענטשן.

אַ גאַנצע נאַכט האָט אונז ראַבירט די ווערק־שוץ. עס איז צווישן אונז געווען אַ מיידל פון ווין בערטא רענדער. א ווערקשוץ האָט ביי איר געוואָלט צונעמען אַ סוועטערל מיט אַ שיינעם בייטל און ווען זי האָט עס נישט געוואָלט אָפּגעבן, האָט ער איר אַ שטאַרקן פּאַטש געטאָן און גענומען שרייען (די ווערקשוץ זיינען געווען או־קראַינער):

— צוליב אייך איז די מלחמה, צוליב אייך ליידן מיר!

ער האָט איר אלץ צוגענומען. אַזוי האָבן מיר זיך אָפּגעמו־טשעט ביז אינדערפרי.

אינדערפרי האָט מען אונז געפירט אין באָד און דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי גיהנום. דער פּאַרוואַלטער פון באָד

איז געווען דער ווערקשטאָט יאַנטשאַק, וואָס עס איז ביי עמעצן גע־
בליבן פון דער ביינאַכטיקער רעוויזיע, האָט ער צוגענומען. נאָכן
באָד האָט מען אונז געפירט אין לאַגער אריין. פון דאָרט האָט אונז
אַ ידישער פּאָליציאַנט געפירט אין פּאָלוואַרק פון לאַגער נאָך
שטרוי אין די שעניקעס. מען האָט אונז געגעבן אַ פינצטערן, קאַלטן
באַראַק מיט אַ בעטאָן-פּאָדלאָגע. די היגיענישע באַדינגונגען זיי־
נען געווען שרעקלעך. עס האָט געהערשט גרויס שמוץ. אויף צו־
מאָרגנס האָט מען אונז, די פריש־אָנגעקומענע, גענומען צו דער
פּאַרוואַלטונג פון פאַבריק. מען האָט אונז אויסגעשטעלט אין פונאַנ־
דערגעטיילט צו פאַרשידענע אַרבעטן. טייל צו דער שלאָסעריי,
טייל אין קאָטלאָווניע אא״וו.

מיר מיט מיין ברודער האָט מען אויסגעקליבן צו דער
שוועריסטער אַרבעט. מיר האָבן געמוזט אַרבעטן ביי די וואַלצן.
מען האָט אונז אַריינגעפירט אין קאַנטאָר, אַריינגעשריבן און אויף
צומאָרגנס האָבן מיר געמוזט גיין צו דער אַרבעט.

מיר פלעגן ליידן הונגער. טיילמאָל האָט מען אונז געגעבן 20
דעקאָ ברויט אַ טאָג און טיילמאָל דאָס אויך נישט. די זופּ איז
געווען נישט צום עסן, ווייל אויסערדעם, וואָס די דייטשן האָבן
ווייניק געגעבן, האָט נאָך דער ידישער לאַגער־ראַט געגנבעט.
מיר זיינען טעראָריזירט געוואָרן דורך די פּוילישע פשאָדאָווניקעס
(פאָראַרבעטער). מען האָט געמוזט אויסאַרבעטן אַ נאָרמע פון 18
פּאַסאַזשן (שטיקלעך). אויב מען האָט די נאָרמע ניש פאַרטיק גע־
מאַכט, האָט מען געמוזט בלייבן אויף נאָך אַכט שעה. אַזוי, אַז עס
זיינען געווען פאַלן, ווען מענטשן האָבן געמוזט שטיין ביי דער
אַרבעט אלס שטראָף פאַר נישט דורכגעפירטער נאָרמע 32 שעה.

די אַרבעט איז געווען זייער אַ געפערלעכע. עס פלעגן פאָרקומען
אויפרייסן פון פולווער און פיל פון אונז פלעגן באַקומען בראַנדן.

איך האָב געהאַט אַביסל געלט, פלעג איך צוקויפן פאַר זיך מיטן
ברודער. אָבער דאָס געלט האָט אויף לאַנג נישט געסטייעט, ווייל
די פרייזן אין לאַגער זיינען געווען דרייפאַך. אַזוי האָט אַ קילאָ

ברויט אין לאַגער געקאָסט 25 זל., ווען אויף דער פריי האָט עס געקאָסט 8 זל. די פּשעדאָוניקעס האָבן די פריש־אָנגעקומענע געגעבן אַזעלכע אַרבעטן, זיי זאָלן נישט קאָנען אויספירן די נאָרמע און אויף אַזאַ אופן האָט מען ביי זיי אויסגעפּרעסט דאָס געלט. די לאַגע איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן ניט צום איבערטראָגן אויך צוליב שטענדיקע גניבות. נאָך עטלעכע וואָכן בין איך צוליב די גניבות געבליבן אין איין העמד. אויב איך האָב געהאַט אַ שטיקל ברויט, האָב איך עס נישט געהאַט ווו צו באַהאַלטן. אפילו פון אונטערן שעניק האָט מען עס גענומען...

אַזוי האָט איינמאָל פּאַסירט אַ פאַל, אַז איך האָב איבערגעלאָזט אַ שטיקל ברויט ביי איינעם אין אַ פאַרשלאָסן קעסטל. האָט עמעצער צוגעגנבעט דאָס קעסטל און איך האָב נישט געהאַט אויף אינדערפרי קיין ברויט. עס פלעגן פאַרקומען פשוט טראַגעדיעס, ווייל איינער האָט ביים צווייטן געגנבעט דאָס לעצטע. איינמאָל בין איך ביי די וואַלצעס אוועקגעפאַלן פון הונגער און איך האָב באַשלאָסן צו אַנטלויפן. נאָר אַנטלויפן פון לאַגער איז נישט געווען אַזוי לייכט, ווייל דער לאַגער איז געווען אין וואַלד און איז געווען אַרומגעצויגן מיט פאַרשיידנפאַכיקע דראָטן. איך האָב אָבער געזען, אַז אין לאַגער וועל איך נישט קאָנען לעבן, האָב איך באַשלאָסן זוכן מיטלען. עס איז פאַר מיר געווען קלאָר, אַז אויב מיר וועלן זיך אַליין נישט ראַטעווען, וועלן מיר אומקומען, ווייל היטלער האָט פאַרמישפּט יידן אויף פאַרניכטונג.

זייענדיק אין לאַגער בערך פיר וואָכן, באַשליס איך מיט מיין ברודער און נאָך 4 סאַנדאָמירער צו אַנטלויפן. דעם 15־טן יוני 1943 יאָר, האָבן מיר נאָך דער אַרבעט אויסגעטאָן די אָפּאַסקעס און זיך איבערגעמישט מיט די פּאָליאַקן. מיר האָבן באַשלאָסן נישט גיין די גאַנצע צייט מיט די פּאָליאַקן, ווייל ביים טירל זיינען געשטאַנען ווערקשוץ און קאָנטראָלירט ביי די זייערע אַר־

בעטס־שיינען. מיר האָבן באַשלאָסן נאָר אַוועקגיין מיט זיי צוזאַמען פון דעם אָרט, ווו עס געפינען זיך די יידן, דאַן פאַרשווינדן אין וואלד און לאָזן זיך צו די דראָטן, כדי פון דאָרטן אַנטלויפן.

אין וואַלד זיינען פּלוצלונג פאַר אונז אויסגעוואַקסן צוויי פּאָליאַקן, איינער אַן עלטערער און אַ קליינער פון 13 יאָר. ער זאָגט צו אונז: „איר זייט פון געטאָ?" (די פּאָליאַקן האָבן אונזער לאגער גערופן געטאָ) פאַרשטייט זיך, אז לייקענען האָט נישט געהאַט קיין זין, ווייל יידן האָבן נישט געטאָרט אליין זיך באוועגן אויסערן לאַגער. כדי צו געווינען אים, האָבן מיר פאָרגעלייגט, ער זאָל אונז ארי־בערפירן פאַר באַלוינונג. ער האָט געפאָדערט 3000 זל., און געזאָגט, אז אויב מיר באשטייען נישט אויף זיין הילף, וועט ער אונז ווייזן ווו ס'איז אַמלייכטסטן דורכצוגיין די דראָטן און דערפאַר פאָדערט ער פון אונז גאָרנישט. דערווייל האָבן זיך די דריי יידן, וואָס זיינען געגאַנגען מיט אונז צוזאַמען ארויסגעדרייט פון אונז. זיי האָבן זיך אריבערגעכאַפּט אריבער די דראָטן און אַנטלאָפן. מיר זיינען גע־בליבן אַליין מיט פּאָליאַק. זעענדיק דאָס, זיינען מיר באלד אויך צו־געגאַנגען צו די דראָטן און אָנגעהויבן איבער זיי קלעטערן. שטייענדיק שוין אויף די דראָטן, האָב איך באַמערקט פונדער־ווייטנס לייכטן זיך אַ לעמפּעלע און איך האָב געזען, אז עמעצער איז צוגעלאָפן צו די דראָטן. גלייכצייטיק האָב איך דערהערט אַ שאָס, נאָכדעם נאָך 4 שאָסן. איך בין צוריק אַראָפּגעשפּרונגען פון די דראָטן.

מיר זיינען מיטן ברודער געווען אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע. גיין אין לאַגער האָבן מיר מורא געהאַט, ווייל מען וועט אונז פרעגן, ווו מיר זיינען געווען און מען וועט אונז מאַכן פאַר־אנטוואָרטלעך פאַרן פאַרשווינדן פון די דריי יידן. אנטלויפן איבער די דראָטן האָבן מיר מורא געהאַט צוליב דער שיסעריי. מיר האָבן באַשלאָסן נישט גיין צוריק אין לאַגער אריין, נאָר גיין צו דער פאַבריק.

פון די דראָטן ביז אַהין איז געווען 3 ק'מ. ווען עס וואָלט

אונז געטראָפן עמעצער אויפן וועג, וואָלט אונז געדראָט דער טויט. נאָר קיין עצה איז נישטאָ. מיר גייען צו צו דער פאָרט־ערנע. עס שטייען דאָרטן 2 ווערקשוצן און פרעגן אונז, פון וואַנען מיר גייען. דער ברודער האָט געזאָגט אַן אויסרייד, אַז ער איז אַריין אין וואלד אריין זיך דערליידיקן, דערווייל איז די גרופּע יידן אוועק אין לאַגער, האָט ער געמוזט בלייבן. דער ווערק־שוץ האָט דעם תירוץ נישט גענומען ערנסט, אָבער אַזוי ווי ער איז נישט געווען קיין שטרענגער, האָט ער אונז בלויז געגעבן אַ שטראָף, מיר זאָלן נישט גיין איז לאַגער אַריין נאָר מיר זאָלן אַ גאַנצע נאַכט שלאָפן אויפן גראָז.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז פון די דריי אַנטלאָפענע איינער הערשל שפּערלאק אָנגעקומען אין ליציי־אום אין סאַנדאָמיר, ווו ער האָט זיך אומלעגאַל ארומגעדרייט. די איבעריקע צוויי, נוסקע רייכמאן און הערשל רייכמאַן, זיינען הינטער סאנדאָמיר אריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פוילישער פּאָליציי, וועלכע האָט זיי דערשאָסן.

עס גייט אַדורך צוויי וואָכן, איך הויב ווידער אָן צו קלערן וועגן אָרגאַניזירן דאָס אַנטלויפן. אַ טייל יידן פון לאַגער האָבן געאַרבעט אויסערן לאַגער. מיר האָבן זיך פארבונדן מיטן פּשעדאָווניק פון דער גרופּע, ער זאָל אונז נעמען אויף דער דאָזיקער ארבעט, נאָר אין דער לעצטער מינוט קריגט דער פּאָליאַק חרטה. איך ווענד זיך צו אַ פּאָליאַק, וואָס האָט מיט מיר צוזאַמען געאַרבעט ביי די וואַלצן, ער זאָל אונז אריבערפירן דורך די דראָטן. ער איז מסכים דאָס צו טאָן פאַר 1000 זל. נאָר אויפן צווייטן טאָג קריגט ער חרטה, ווייל ער האָט מורא. עס בלייבט איין אויסוועג: פּראבירן אליין, אָן קיינעמס הילף.

דערווייל ווערט די פראַגע פון אַנטלויפן וואָס מער באַשווערט. די דייטשן מיט די אוקראַינער נעמען אָן מאָס־מיטלען. עס ווערט פאַרשטאַרקט די וואך. ווען די יידן גייען ארויס פון פאַר־

טיערניע נעמט מען זיי צונויף אויף איין אָרט און מען לאָזט זיי נישט זיך רירן פון אָרט. די יידישע פּאָליציי נעמט אויך אָן שטרענגע מיטלען. ווען מען גייט צו דער ארבעט פון לאגער אין פאבריק, שטייען די פּאָליציאַנטן און קאָנטראָלירן יעדערן, צי ער איז נישט אָנגעטאָן, מער ווי עס דאַרף צו זיין. נישט געקוקט דערויף אַנטלויפן מענטשן.

עס איז געווען אַ פאַל, ווען 5 יידן זיינען אַנטלאָפן, האָט זיי דערקענט אַ פּאָליאַק, וואָס האָט געאַרבעט אין דער פאַבריק. ער האָט וועגן דעם געמאָלדן דער פּוילישער פּאָליציי, וועלכע האָט זיי איבערגעגעבן די ווערקשוצן און די ווערקשוצן האָבן זיי פאַרן דערשיסן געפייניקט, געבראָכן זיי הענט און פיס. בלויז איינעם פון זיי, א יינגעלע פון 13 יאָר האָט מען נישט געשאָסן, מען האָט אים בלויז אוועקגעלייגט אויף אַ באַנק און געגעבן שמיץ.

צומאָרגנס, נאָך דער עקזעקוציע, ווען מען האָט אונז געפירט צו דער ארבעט, האָט מען אונז געהייסן וואַרטן. מען האָט געברענגט דאָס אָנטועכץ פון די דערשאָסענע און דער יידישער לאַגער-פירער משה בראנשטיין האָט פאַר אונז געהאַלטן אַזאַ דרשה:

— זעט, ווער עס וועט וואגן צו אַנטלויפן, וועט האָבן אזא סוף!

דאָך האָב איך באַשלאָסן נישט קוקן אויף דעם און אַנטלויפן. עטלעכע טעג פאַרן אנטלויפן, ליגנדיק אויף דער פּריטשע, נאָך דער נאַכט-זמיאַנע, הער איך, ווי עס קומט אַריין אין אונזער באראק דער ד״ר קאַפּלאַן פון קעלעמענטאָוו און זאָגט,[6] אז ד״ר בראנדט, דער פירער פון די ווערקשוצן, האָט ארויסגעגעבן אַ פאַראָדענונג, אז ווער עס וועט אַנטלויפן, וועט נישט ווערן דערשאָסן, נאָר מען וועט אים אויפהענגען. די געהאָנגענע וועלן הענגען 3 טעג אין לאַגער. נאָר איך קוק נישט דערויף.

# 11. מיר אנטלויפן

צוזאַמען מיט מיין ברודער און נאָך דריי מאַן פון לאַגער אַנטלויפן מיר 11 אזייגער ביינאַכט. און עס איז אונז געלונגען.

פאַרן אַנטלויפן האָב איך זיך פאַרזאָרגט מיט אַ פּלאַן פון דער געגנט. מיר האָבן געוואָלט אויסמיידן שטעט און ספּעציעל אויסמיידן ראדאם. די געגנט ארום איז געווען געפערלעך, ווייל עס האָבן דאָרטן געוווינט פאָלקס-דייטשן. אַפגייענדיק עטלעכע שעה, זיינען מיר אַרויס אויף אַ לאָנקע. מיר זיינען צוגעקומען צו דער ערשטער כאַטקע. איינעם פון אונז, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ קריסט און גערעדט גוט פּויליש, האָבן מיר ארויסגעשיקט, ער זאָל פרעגן דעם וועג אויף זוואלין. ער איז געווען א גרויסער פּחדן און איז צוריקגעקומען מיט אַ תירוץ, אז מען שלאָפט, אז מען וויל אים נישט ענטפערן. מיר האָבן גענומען ווייטער גיין איבער דער נאַסער לאָנקע. מיר זיינען ארויס אויף דער באַן-ליניע. ביי זער ליניע איז געשטאַנען א ווייסע כאַטקע. שיקן מיר ווייטער דעמזעלביקן. קומט ער ווייטער מיט אַ תירוץ, אז דאָרטן איז פאַראַן אַ הונט. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז קיין הונט איז נישטאָ. איך האָב אויפגעוועקט דעם באלעבאָס און געפרעגט דעם וועג אויף זוואָלין. יענער האָט אונז אויפמערקזאַם געמאַכט, אז מיר זאָלן נישט גיין מיט דער באַן-ליניע. מיר האָבן אָבער געבלאָנדזשעט און אַנשטאַט צו גיין פאָרויס האָבן מיר דערזען די ליכטער פון וואָקהאל אין פיאָנקי, האָבן מיר ווייטער גענומען גיין צוריק. אזוי האָבן מיר געבלאָנדזשעט אַ גאַנצע נאַכט, ביז עס האָט אנגעהויבן צו טאָגן. מיר זיינען פונקט צוגעקומען צו אַ דאָרף. מיר זיינען

שנעל פארבײַ דאָס דאָרף און אַרײַן אין אַ פעלד פון קאָרן נאָענט פון דאָרף. און אַלע פינף האָבן מיר זיך אַרײַנגעלײגט אין קאָרן אַרײַן.

אַ סך מענטשן זײַנען פאַרבײַגעפאָרן נאָענט פון אונז. נעבן קאָרן איז געװאַקסן פּראָסע. אין פּראָסע איז מיטאָגצײַט פארבײַ־געפאָרן אַ פּויער מיט אַ שגצל און דער באַלעבאָס פון פעלד האָט זײַ געפּאַקט, ער האָט אַ געשרײַ געטאָן: „איר װעט שױן האָבן אײַערס, קריכט אַרױס פון דאַנען". מיר האָבן געמײנט, אַז דאָס מײנט ער אונז, נאָר באַלד האָבן מיר זיך אָריענטירט, װײַל די גױע האָט אָנגעהױבן װײנען און בעטן: „הער בראָדאָװסקי, זײַט מוחל".

אַזױ זײַנען מיר איבערגעלעגן אַ גאַנצן טאָג. װען עס איז שױן געװאָרן טונקל, זײַנען מיר אַרױס און אָנגעהױבן גײן. אױפן װעג האָבן מיר געפרעגט אַ פּויער, װי װײַט עס איז פון פּיאָנקי, האָט ער געענטפערט, אַז 6 ק'מ, און װען מיר האָבן אים גע־פרעגט צי מיר גײען גוט, האָט ער געזאָגט, אַז מיר גײען אין דער ריכטונג קײן פּיאָנקי (ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מיר זײַנען ייִדן). מיר פרעגן אים, צי ער האָט ברױט, נאָר ער האָט גאָרנישט גע־האַט. ער האָט אונז געשילדערט, װו מיר זאָלן גײן. מיר האָבן זיך מיט אים געזעגנט און אַװעק. מיר זײַנען דורכגעגאַנגען דעם זאָרף און צוגעקומען צו אַ װאַלד. בײַם ראַנד פון װאַלד זעען מיר סי־לועטן פון צװײ מענטשן. מיר דערנענטערן זיך צו זײ. װײַזט זיך אַרױס, אַז דאָס זײַנען אַ פּויער מיט אַ פּויערטע פון דעם זאָרף, װאָס גײען פון שניט. מיר זײַנען שױן געגאַנגען צוזאַמען. דערװײַל איז דער סאַנדאָמירער ייִד, װאָס האָט אױסגעזען, װי אַ פּאָליאַק, פאַרשװוּנדן.

מיט די פּויערים זײַנען מיר געגאַנגען אַ שטיקל װעג. שפּעטער האָבן זײ אונז געשילדערט, װו מיר האָבן צו גײן. אַזױ זײַנען מיר געקומען אין אַ גרױס דאָרף. מיר זײַנען דורכגעגאַנגען דאָס גאַנצע דאָרף, זײַנען מיר אַרײַן אין אַ כאַטע צו אַן אַלטן

פויער און פויערטע. מיר פרעגן זיי דעם וועג קיין זוואָלין. מיר האָבן אים געבעטן, ער זאָל אונז געבן עפּעס צו עסן. ער האָט אונז געגעבן ברויט מיט מילך און קיין געלט האָט ער ביי אונז נישט געוואָלט נעמען. מיר ווערן געוויער, אז דאָס דאָרף הייסט מיענטשישאוו און מיר גייען ווייטער. מיר בלאָנדזשען עטלעכע שעה אין וואַלד. מיר הויבן אָן צוריק צו גיין, ווייל מיר זעען, אז פון וואלד קאָן מען נישט ארויסגיין. מיר גייען צוריק און מיר קומען אין דעמזעלבן דאָרף. מיר קלאַפּן אָן ביי אַ פויער און פרעגן דעם וועג קיין זוואָלין. דער פויער הויבט אָן שילדערן, ווי מיר זאָלן גיין און ווען מיר בעטן אים, ער זאָל אונז ווייזן אזא וועג, מיר זאָלן קאָנען אויסמיידן די שטאָט, זאָגט ער אונז, אז מיר זאָלן גיין דורך דער לאָנקע, פאַרביי דעם יידישן קירקוט. נאָכדעם, זאָגט ער, איז פאראן אַ דאָרף זשיעלאנקע, וואָס געפינט זיך שוין אויף דער צווייטער זייט פון זוואָלין. ער האָט אונז געשילדערט, אַז אויפן בארג, ווו עס וואקסט גראבינע, וווינט אין אַ כאַטקע אַן אלמנה, מיר זאָלן ביי איר פרעגן, וועט זי אונז ווייטער ווייזן דעם וועג.

מיר גייען לויט דעם אָנגעוויזענעם אַדרעס. מיר זיינען צוגעקומען צו דער כאַטקע און מיר פרעגן זיך דעם וועג. די אלמנה זאָגט, אז נישט ווייט איז אַ דאָרף יעדלאנקע. אין יעדלאנקע קומט מען צו צו אַ פויער און מיר פרעגן ביי אים אויף דעם ווייטערדיקן וועג. ער זאָגט, אז לינקס פירט דער וועג קיין קאַרטשוווקא און ווען מיר געזעגענען זיך מיט אים, זעען מיר נעבן זיין כאַטקע אַ סאָד מיט וויינשל, פרעגן מיר אים, צי מען קאָן אָפּרייסן אביסל וויינשל, זאָגט ער: „ביטע זייער". ער האָט אונז אוודאי אָנגענומען פאַר פאַרטיזאַנער. מיר גייען ווייטער קיין קאַרטשוווקא. מיר גייען שנעל אדורך דאָס דאָרף. דאָס דאָרף איז דאָס לעצטע פאַר זוואָלין. ווייטער קאָנען מיר ניט גיין, ווייל עס איז שוין טאָג. גייען מיר אריין אין א פעלד פון קאָרן און מיר

לייגן זיך אין פירן אַוועק. מיר ליגן אַזוי, ביז וואַנען עס ווערט טאָג.

עס הויבן אָן צו פאָרן אויטאָס. אַרום 8 אַזייגער קומט דער פויער אויף זיין פעלד און הויבט אָן צו שניידן די תבואה. און יעדער שניט פון דער קאָסע איז פונקט ווי ער וואָלט מיר געשניטן דאָס האַרץ. נאָר עס געשעט אַ נס. עס הויבט אָן צו רעגענען און די פויערים הויבן אָן אַוועקצוגיין פון די פעלדער. אַזוי ליגן מיר ביז אויפדערנאַכט. אויפדערנאַכט הויבן מיר זיך ווייטער אויף און מיר גייען אריין אין אַ טאָרף־פעלד. אויף דעם פעלד איז געווען פול וואַסער. מיר זיינען אַריינגעפאַלן אין וואַסער, געווען איינגעווייקט.

אַזוי זיינען מיר געגאַנגען, ביז וואַנען מיר זיינען אַרויס פון די טאָרף־פעלדער. מיר גייען ווייטער איבער די פעלדער און פלוצלונג ווי פון אונטער דער ערד וואַקסט אַרויס פאַר אונז אַ 13־יעריק שגצל און זאָגט גלייך: „איר זענט פון לאַגער?" ער איז געווען אָרנטלעך, ער האָט אונז געוויזן דעם וועג אויף זשיצ־לאַנקע און לויט זיין אָנווייזונג זיינען מיר געגאַנגען. מיר זיינען אָנגעקומען אויף אַ פעלד פון ריבן. מיר האָבן געגעסן ריבן, ביז וואַנען מיר זיינען צוגעקומען צו אַ דאָרף. און אין דאָרף לייכט זיך, מען לאַכט מען רעדט. מיין ברודער גייט אַריין און פרעגט, ווו מען גייט קיין זשעלאָנקע. זיי ווייזן אונז דעם וועג. מיר קומען קיין זשעלאָנקע.

דאָרט פרעגן מיר דעם וועג קיין יעשעניעץ. איך מיטן ברודער האָבן געוואָלט גיין קיין גאָזשליץ, נישט ווייט פון קלע־מענטאָוו, ווו עס איז ביי אַ פויער געווען באַהאַלטן כיל לעדערמאַן פון קלעמענטאָוו. פרעגן מיר ביים פויער דעם וועג קיין יאַשעניעץ. מיר בעטן אים ער זאָל אונז געבן עפּעס עסן. די פויערטע אַנט־שולדיקט זיך פאַר אונז, וואָס זי קאָן אונז נישט אַריינבעטן אין שטוב אַריין, ווייל מיר זיינען יידן. זי האָט אונז אַרויסגעטראָגן אַ גרויסן טאָפּ מיט מילך און געבייטלט ברויט, אַז עס האָט געסטאַ־

יעט פאַר אַלעמען. ביים געזעגענען זיך, ווען איך פרעג איר, וויפל עס קומט איר, זאָגט זי, עס זאָל אונז זיין צו געזונט און קיין געלט וועט זי נישט נעמען. איך האָב איר שטאַרק געדאַנקט און מיר זיינען אַוועק. זי האָט אונז געזאָגט אַז מיר וועלן נאָך דורכגיין זשיעלאָנקע 2.

מיר גייען אַדורך זשיעלאָנקע 2 און נאָכדעם גייען מיר אַריין אין אַ וואַלד. נאָכן וואַלד איז דאָ אַ דערפל באַרצי. מיר קלאַפּן אָן ביי אַ כאַטע, קומט אַרויס אַן אַלטע פויערטע, זאָגט אונז, יוז מיר זאָלן גיין, גיט אונז אַ שטיק ברויט און מיר גייען ווייטער.

מיר קומען אין דאָרף יאשעניעץ. דאָרט איז פאַראַן אַ פּריציש̇ער הויף. מיר גייען צו צו׳ אַ פויערשער כאַטע און פרעגן דעם פויער אויפן וועג קיין וואָלאַ־סאָלעצקא. מיר בעטן אים מילך, ענטפערט ער, אַז ער האָט נישט קיין מילך. מיין ברודער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט: „עס מוז זיין״. דער פויער האָט זיך דערשראָקן, ער האָט געמיינט, אַז מיר זיינען פּאַרטיזאַנער און געגעבן אונז מילך — בלויז סמעטענע, געפּרעגט, צי מיר ווילן נאָך. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט: קיין געלט פאַר די מילך האָט דער פויער נישט גענומען און מיר זיינען געגאַנגען ווייטער. מיר זיינען געקומען קיין וואָלאַ־סאָלעצקאַ. אין דאָרף וואָלאַ־סאָלעצקאַ, דזיזשקאָוו, סלוטשין האָט מען אונז גוט אויפגענומען. נישט ווייט פון סלוטשין האָבן מיר ליגנדיק אין וואַלד געזען דורכרייטן אַכט זשאַנדאַרמען אויף פערד. דער ברודער מיט די איבעריקע זיינען געשלאָפן. זיי האָבן אונז נישט באַמערקט. אַזוי זיינען מיר געלעגן אין וואַלד ביז אויפדערנאַכט. אויפדערנאַכט האָבן מיר אָנגעהויבן גיין.

מיר זיינען געווען נישט ווייט פון שטעטל טאַרלוו. אַ פויער האָט אונז געגעבן ברויט און אונז געוויזן ווי אויסמיידן די שטאָט טאַרלוו. מיר זיינען געגאַנגען דורך פעלדער און מיר זיינען פאָרט צוגעקומען צו דער שטאָט. מיר זעען דעם קאָשטשאָל. הינטער דער שטאָט שטייט אַ ווינטמיל. מיין ברודער זאָגט, מיר זאָלן אַריין

דאָרט אַהין און איבערבלייבן איבערן טאָג. אָבער איך האָב נישט געוואָלט.

איך באַשליס, אַז מיר מוזן נאָך די הײנטיקע נאַכט דורכגיין די שטאָט. מיר גייען דורך די הינטערגאַסן פון דער שטאָט. מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי שאָפּעס און מיר קומען צו צו אַ פּלאַץ הינטער דער שטאָט. דאָרט איז געווען אַ שטאָטישער ברונעם און נעבן ברונעם אַ טאָוול אויף דייטש. „טאַרלאָוו, דיסטריקט ראַדאָם, קיין אָזשאַראָוו 14 ק״מ. מיר גייען ווייטער אויף דעם שאָסיי טאַרלאָוו—אָזשאַראָוו. די הינט בילן, מיר גייען זייער שנעל. די נערוון האָבן אונז געטראָגן. מיר זיינען אַדורך די שטאָט און מיר גייען ווייטער. דער וועג גייט צווישן וואַלד פון ביידע זייטן שאָסיי.

אַזוי זיינען מיר אַדורכגעגאַנגען 5—6 ק״מ נאָך טאַרלאָוו און מיר זיינען אַריין אין וואַלד. דאָרט זיינען מיר אָפּגעלעגן אַ גאַנצן טאָג, אויפדערנאַכט האָבן מיר אָנגעהויבן גיין ווייטער. מיר זיינען צוגעגאַנגען צו אַ דאָרף. מיר האָבן געפרעגט דעם וועג קיין אָזשאַראָוו. קיין ברויט האָט מען אונז נישט געגעבן. אַזוי ווי מיר גייען, האָט אָנגעהויבן דונערן און בליצן: עס האָט אָנגעהויבן צו רעגענען.

מיר האָבן גאָרנישט געזען. מיר זיינען געוואָרן אַדורכגעווייקט. נאָר אַ בליץ האָט אונז באַלויכטן דעם וועג. אַזוי זיינען מיר צוגעקומען 2 ק״מ פאַר אָזשאַראָוו. מיר זיינען צוגעגאַנגען צו אַ כאַטקע, אָנגעקלאַפּט, דאָרט האָט געוווינט אַן אַלמנה. מיר האָבן געקויפט ביי איר מילך, אייער, געפרעגט, ווי אַזוי מיר זאָלן אויסמיידן אָזשאַראָוו, זי האָט געשילדערט ווי אַזוי מיר זאָלן גיין דורך די פעלדער און אויסמיידן די שטאָט. מיר זיינען צוגעקומען צום דאָרף גראָכאָטשיצע. מיר זיינען אַריין צו אַ פּויער. ער גיט אונז ברויט מיט מילך און שילדערט אונז, ווי מיר זאָלן גיין. מיר זיינען אָנגעקומען אין דאָרף פּילישאָוו. איך האָב דאָרט געהאַט

אַ באַקאַנטן פון אונזער קאַנט, וואָס האָט חתונה געהאַט אין דעם דאָרף.

מיר זיינען געקומען צו אים און געבעטן, ער זאָל אונז אַריינלאָזן אויף בייטאָג. ער האָט געזאָגט, אַז עס איז אוממעגלעך, ווייל ער איז דער סאָלטיס פון דאָרף און ער ווינט צוזאַמען מיט זיינע שוואָגערס. צוליב דעם גייען מיר צו צום וועלדל, כדי איבערזיין דאָרט דעם טאָג. אונזערע צוויי באַגלייטער האָבן זיך אָפגעטיילט און זיינען אַוועק קיין סאַנדאָמיר. אין וואַלד זיינען געקומען שיקסעלעך קלייבן שוואָמען. זיי גייען האַרט אַדורך נעבן אונז, נאָר על פי נס האָבן זיי אונז נישט געזען. מיר ליגן ביז אויפדערנאַכט און שפעטער הויבן מיר אָן צו וואַנדערן. מיר קומען קיין מיענדזיגאָרזש־סקאלא, וווּ איך האָב פריער געאַרבעט. מיר זיינען געקומען אָנהייב אָונט. מיר זיינען אַדורכגעגאַנגען דעם דאָרף. איך גיי פאַרביי דער שטוב, וווּ איך פלעג אַריינגיין, וווּ עס האָבן געוווינט יידן.

עס קומען מיר אָן שווערע געדאַנקען אין קאָפּ. מיר קומען אין דאָרף גאָלעמביאָוו, דאָרט גיי איך צו צו אַ כאַטע און פרעג אויף דער וווינונג פון מיינעם אַ באַקאַנטן. איך בעט אים אַביסל עסן. ער זאָגט אונז אָפּ.

אין סאַנדאָמירער קרייז ווערט אונזער לאַגע ערגער. די פויערים האָבן נישט געוואָלט געבן קיין ביסל וואַסער. ווי מיר זיינען ארויס פון דאָרף, הערן מיר געזאַנגען פון שיכורים. מיר האָבן זיך אריינגעלייגט אין תבואה און ווען עס איז געוואָרן שטיל, זיינען מיר ארויף אויף דעם הויפּט־טראַקט, וואָס פירט קיין קלעמענטאָוו.

אין אַ קורצער צייט זיינען מיר אָנגעקומען קיין גאָזשליץ, דאָרטן זיינען מיר צוגעגאַנגען צום פויער, ווו אונזער באַקאַנטער ייד איז געווען באַהאַלטן. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט. דער פויער האָט נישט גערן געענטפערט. מיר פרעגן זיך אויף דעם יידן, זאָגט ער, אַז יענער איז אַוועק, ווייל מיט אַ נאַכט פריער איז

אין דאָרף געווען זשאַנדארמעריע און אַרעסטירט 2 באַנדיטן, האָט זיך דער ייד דערשראָקן און איז אַוועק. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פויער האָט אונז אָפּגענאַרט, דער ייד איז ביי אים יאָ געווען. ער גיט אונז ברויט און מילך. מיר בעטן אים, ער זאָל אונז לאָזן איבערנעכטיקן, נאָר ער וויל נישט. מיר זיינען אַוועק ווייטער.

מיר קומען צו אַ צווייטן פויער פון דאָרף, ער דערציילט אונז אויך די מעשה וועגן דער זשאַנדאַרמעריע און וויל אונז נישט לאָזן ביי זיך אפילו איין טאָג. מיר ווערן געצוווּנגען צו גיין אויף אַ גאַנצן טאָג אין פעלד אַריין. ביי טאָג לעבן מיר איבער שרעק. מען שניידט פּונקט די תבואה. ביינאַכט גייען מיר ווייטער צו דעם פויער, ביי וועלכן עס איז געווען דער ייד באַהאַלטן. דער פויער גיט אונז זייף, אַ ראַזיר־מעסער און אויף דער נאַכט ראַזירן מיר זיך אָפּ.

צוזאַמענגעס גייען מיר אין פעלד. מיר ליגן אַ גאַנצן טאָג אין תבואה. די דריטע נאַכט לאָזט אונז דער פויער נישט אַריין, ווייל ער זאָגט, אַז אַ שוועסטער איז צו אים געקומען. מיר פאַרלאָזן דאָס דאָרף און גייען ווייטער. מיר גייען אַריין אין צווייטן דאָרף צו אונזערס אַ גוטן באַקאַנטן. מיר קומען אַריין צו אים אין שטוב אַריין. איך פאַרגלייך זייער לאַגע מיט אונזערער. זיי שלאָפן אין די בעטן און אונז יאָגט מען ווי די הינט. דער פויער איז אַ רייכער. ער גיט אונז עפּעס צו עסן, נאָר ער דערלויבט אונז נישט צו זיין ביי זיך איין טאָג.

מיר גייען צו אַ צווייטן פויער אין אַ צווייטן דאָרף, דער פויער האָט אַמאָל צוגעזאָגט מיין ברודער, אַז ער וועט אים ביי זיך האַלטן. דאָס דאָרף, וווּ דער פויער וווינט, איז 2 ק״מ פון קלעמענטאָוו. מיר קומען צו אים ביינאַכט. עס רופט זיך אָפּ זיין פרוי: „ווער איז?״, זאָגן מיר: „דער שניידער פון קלעמענטאָוו״. זי זאָגט אונז, אַז דער מאַן איז נישטאָ אינדערהיים, זי וועט נישט עפענען. די פויערטע הייבט אָן צו וויינען, זי זאָגט, אַז איר מאַן קען נישט קיין יידן, זי וועט נישט עפענען. די סיבה פון דעם, וואָס זי האָט

אונז אַזוי אויפגענומען איז געווען דאָס, וואָס אין שכנות מיט איר" ביי אַ צווייטן פּויער איז געווען באַהאַלטן אַ פּאַרפּאָלק, וואָס האָט איבערגעלאָזט אין אַ בונקער אין וואַלד זייערע קינדער. דער גיריקער פּויער האָט געהאַט פון זיי אַ גרויסן מאַיאָנטעק: אַ מעטער פּעפּער, בוימוואָל און אנד. סחורות. כדי צונעמען דעם מאַיאָנטעק און פּטור ווערן פון זיי, האָט ער אונטערגעצייגט; די שטאָדאָלע ווו זיי זיינען געווען, אַזוי, אַז זיי האָבן געמוזט אַנטלויפן. דאָס פּאָרפּאָלק איז געווען אין אזא פארצווייפלטער לאגע, אז זיי האָבן זיך אליין געמאָלדן צו דער פּאָליציי פונקט אין דעם טאָג, ווען מען האָט ליקווידירט דאָס געטאָ אין סאַנדאָמיר, ד. ה. דעם 15־טן מאַי 1943.

דעם זעלבן אָוונט זיינען נ. ס.־זעטניקעס באַפּאַלן דעם פּאָסטערונעק פון דער גראַנאַטאָווער פּאָליציי, ווו דאָס פּאָרפּאָלק איז געזעסן. זיי האָבן דאָרט געוואָלט צונעמען געווער. די פּאָליציי האָט זיי געבעטן, זיי זאָלן דאָס נישט טאָן, מאָטיווירנדיק דערמיט, אז זיי האָבן אַ באַפעל צו שיסן די יידן. די נ.ס.זעטניקעס האָבן געזאָגט, אַז זיי וועלן זיך אליין געבן אַן עצה מיט די יידן. זיינען אריין צו זיי אין קאַמער און זיי געשאָסן. דערפאַר האָט דער פויער, צו וועלכן מיר זיינען געגאַנגען, מורא געהאַט האָבן צו טאָן מיט די יידן.

וועגן דעם האָבן מיר זיך שפּעטער דערוואוסט. איידער דאָס פּאָרפּאָלק האָט זיך איבערגעגעבן דער פּאָליציי, האָבן זיי אָנגעשריבן אַ בריוו צו זייערע קינדער (זיי האָבן געמיינט, אז די קינדער האָבן זיך געראַטעוועט אין ליצייאום). אין בריוו האָבן זיי איבערגעבעטן די קינדער, אַז זיי האָבן אלץ געטאָן, זיי זאָלן קאָנען לעבן, נאָר עס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן. וועגן דעם בריוו האָט מיר שוין נאָך דער באפרייונג דערציילט איינער, אַ געוויסער לעדערמאַן, וואָס איז געווען אין ליצייאום.

מיר זיינען ווייטער געגאַנגען זוכן גליק. מיר זיינען געקומען אין א צווייטן דאָרף צו אַ באַקאַנטן. אָבער ער האָט אַ געשריי געטאָן: „אַנטלויפט שוין, ווייל די פּאָליציי דאַרף אָנקומען!". זיין פרוי

האָט דורכן לופטשיק אונז דערלאַנגט אַ שטיקל ברויט. מיר זיינען געווען צוויי וואָכן אין וועג. מיר גייען נישט וויסנדיק ווי זיך אָפּצושטעלן. מיר גייען פאַרביי דער כאַטע, וווּ מען האָט אונז שפּעטער אריינגעלאָזט און ווי מיר האָבן דערוואַרט די באַפרייונג. מיר מיידן אויס די כאַטע און גייען ווייטער. איינמאָל זיינען מיר צוגעקומען צו אַ הויפיש פעלד פון גערשטן. ס׳איז געווען אַ הייסער טאָג. מיר זיינען געלעגן גלייך אויסגעצויגן זיך נישט גערירט פון אָרט.

אויפדערנאַכט גייען מיר אין אַ צווייטן דאָרף גאַסלאַוויץ. דאָרט האָט געוווינט אַ באַקאַנטער פּויער, וואָס האָט מיר אַמאָל צוגעזאָגט, אַז אויב זיין פרוי וועט באַשטיין, וועט ער אונז האַלטן. דאָס דאָרף איז אונז אומבאַקאַנט. מיר פרעגן זיך אויף דעם פּויער. מיר גייען פאַרביי חרובע הייזער אָן טירן און פענצטער. מיר שטויסן זיך אָן, אַז דאָ האָבן געוווינט יידן. מיר קומען צו דעם פּויער, מיר קלאַפּן אָן ביי אים. ער פרעגט, ווער איז עס. ער זאָגט אונז, מיר זאָלן צוואַרטן, ער גייט אונז עפענען. מיר וואַרטן אין דרויסן. מען שטייט לאַנג, מיר קלאַפּן ווייטער, ער איז ווייזט אויס אַנטשלאָפן געוואָרן. ענדלעך עפנט ער אונז. מיר בעטן אים, ער זאָל אונז באַהאַלטן, אַז מיר ווילן נישט בחינם. ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז מיר האָבן זיך אויף אים געפרעגט אין דאָרף, זאָגט ער אונז, אַז ער האָט אונז מורא איצט צו האַלטן. דאַן האָבן מיר זיך מיט אים אָפּגערעדט, אַז אויף בייטאָג וועלן מיר אַוועקגיין און אויב איבערן טאָג וועט קיינער אויף אונז נישט פרעגן, וועלן מיר קומען צו אים ביינאַכט. ער האָט אונז פאַרקויפט דריי אייער מיט ברויט.

מיר זיינען ארויס אין אַ פעלד פון ווייץ. אַזוי ליגן מיר אַ גאַנצן טאָג, אויפדערנאַכט קומען מיר צוריק. מען האָט אונז איבערגעלאָזט עסן. מיר האָבן געהאָפט, אַז מיר וועלן דורך אים קאָנען ארויסנעמען סחורות, וואָס מיר האָבן געהאַט באַהאַלטן ביי פּאַליאַקן. ער האָט אונז צוגעזאָגט, אַז ער וועט אונז מאַכן אַ סכראָן

אונטער דער ערד. ער האָט אונז אריינגעפירט שלאָפן אין דער סטאָדאָלע.

דאָס איז געווען די ערשטע נאכט, ווען מיר זיינען מענטשלעך אנטשלאָפן געוואָרן נאָכן אנטלויפן פון לאגער. עסן האָט מען אונז געגעבן דאָ זייער ווייניק. אויפן צווייטן טאָג איז אונזער באלעבאָס אריין צו אונז אין סטאָדאָלע און געפרעגט, ווען מיר ווילן גיין נאָך דער סחורה. אַזוי ווי איך האָב נישט געוווּסט דעם פרייז פון סחורות, האָב איך אים געזאָגט, אז איך וועל אים ברענגען 10 מעטער צייג אויף אנצוגן. איך האָב עס געשאַצט אין דער ווערט פון 2000 זל. עס איז אָבער ווערט געווען 4000 זל. ער פאַרלאַנגט פון אונז, מיר זאָלן שוין ברענגען די צייג און אויסער־דעם זאָלן מיר אים ברענגען סחורה אויף אַ גוטן אָנצוג. איך שלעפּ אָבער אָפּ מיטן גיין, ווייל איך האָב זיך געוואָלט אָפּרוען. און ביי זיך האָב איך באַשלאָסן, אז מער וועל איך זיך צו אים נישט אומ־קערן.

פרייטיק אויפדערנאכט זאָגן מיר, אַז מיר גייען נאָך דער סחורה. מיר געזעגענען זיך מיט אים. אינדרויסן האָט גערעגנט. מיר זוכן ווייטער אַ ניי אָרט. מיר האָבן געהאַט אַ באַקאַנטן פויער אין פאָסטראַנע, האָט אונז געצויגן צו אים. מיר גייען צו דעם פויער.

מיר קומען אַריין אין דאָרף, פרעגן זיך אויף אים. דאָס דאָרף איז גרויס. ביז מיר דערפרעגן זיך איז שוין טאָג. מיר קלאַפּן אָן ביי דער כאַטע. זיין ווייב זאָגט, אז ער איז נישטאָ אינדערהיים. מיר דערמאָנען איר, ווער מיר זיינען, אָבער עס העלפט נישט. זי דרייט זיך אויס מיט אַ תירוץ, אז אזוי ווי דער מאַן איז נישטאָ אינדער־היים, האָט זי מורא אונז אריינצולאָזן. מיר זעען, אז עס איז נישטאָ קיין עצה, מיר לאָזן זיך גיין אויף אַ צווייטן אָרט. דערווייל הויבט זיך אָן דאָס דאָרף צו וועקן. קיין תבואה איז ארום דעם דאָרף נישט געוואַקסן. מיר האָבן זיך נישט געהאַט ווו צו באהאַלטן. אַזוי ווי איך האָב נישט געוווּסט גענוי, ווו דער צווייטער פויער וווינט, בין איך געגאַנגען צוריק צו דער ערשטער פויערטע נאָכאַמאָל איבערפרעגן

דעם וועג. אינדעם זע איך, אז די פּויערטע גייט ארויס פון דער כּאַטע. ווייזט אויס דער מאַן האָט זי ארויסגעשיקט, זי זאָל אונז צוריקרופן.

מיר זיינען אריין אין קיכל. זי גיט אונז מילך מיט ברויט. ער גייט ארויס צו אונז. ער האָט זיך מיט אונז דערפרייט. ער באַשטייט, מיר זאָלן בלייבן ביי אים אויף אַ טאָג. ער פירט אונז ארויף אויף אַ בוידעם מיט היי, גיט אונז אַ קאָץ אויף צודעקן. איבערן טאָג גיט מען אונז עסן, בעסער ווי אין אַ פּענסיאָנאַט. אויפדערנאַכט זאָגן מיר, אז מיר ווילן נישט ארויסגיין שבת אויפדערנאַכט, כדי נישט צו זיין זונטיק אין וועג. ער דערלויבט אונז זיין נאָך אַ טאָג ביי אים. מען גיט אונז זייער גוט צו עסן. ער דערציילט אונז, אז פּויערים האָבן אים איבערגעגעבן, אַז צוויי מענטשן האָבן זיך געפרעגט אויף אים. ווען מיר לייגן אים פאָר, ער זאָל אונז האַלטן, זאָגט ער, אַז דאָס קאָן ער נישט, ווייל עס דאַרף קומען זשאַנדאַרמעריע נאָך קאָנטינגענטן. מיר פרעגן זיין ווייב, וויפל איר קומט פאָר די צוויי טעג. זי זאָגט, אַז 150 זל. דאָס עסן, וואָס זיי האָבן אונז געגעבן, איז מער ווערט געווען פון 150 זל. ער גיט אונז נאָך אַ שטיקל ברויט אויפן וועג און מיר גייען אַוועק.

מיר האָבן געהאַט אַ באַקאַנטן פּאָליאַק אין ווינזאָוניצע, עדוואַרד ראטקאָווסקי, וועלכער פלעגט קומען צו אונז אין געטאָ און צוגעזאָגט אונז, אז ער וועט אונז העלפן. באַזונדערס האָבן מיר געוווּסט, אַז אין דעם דאָרף האָבן זיך אויסבאַהאַלטן עטלעכע יידישע פאַמיליעס. מיר זיינען אַהין געגאַנגען. אויפן וועג האָבן מיר אָפּגעטרעטן אין אַ דאָרף, ווו עס האָט געוווינט א באַקאַנטע פּויערישע פאמיליע. מיר קלאַפּן אָן — עס קומט ארויס די פּויערטע און ווי זי דערזעט אונז הויבט זי אָן איבערגעשראָקן צו שרייען: „גייט, גייט". זי האָט אונז נישט געלאָזט קיין מינוט שטיין אויפן אָרט און מיר זיינען אַוועק. קיין וויענזאוניצע איז געווען ווייט. מיר

האָבן געזען, אַז דורך דער נאַכט וועלן מיר נישט אָנקומען אין דעם דאָרף.

מ'ר האָבן באַשלאָסן אריין אין וואַלד, זיין דאָרט אַ גאַנצן טאָג און ערשט אויפן צווייטן אויפדערנאַכט גיין אהין. אזוי האָבן מיר טאַקע געטאָן... אויפדערנאַכט גייען מיר ווייטער. אין אַ דאָרף פאר וויענזאָווניצע האָבן מיר אָנגעקלאַפּט ביי אַ פּויער, ער זאָל אונז געבן צו עסן. האָט ער אונז געגעבן ברויט, קיין געלט האָט ער נישט געוואָלט נעמען. מיר זיינען אַוועק ווייטער, אדורך פאַרביי אַ צווייטן דאָרף. עס האָט אינז עמעצער באַמערקט. מען האָט אויף אונז אָנגעריצט הינט.

## 12. מיר זוכן א באהעלטעניש

ענדלעך קומען מיר אָן קיין וויענזאָוויצע. מיר האָבן באַשלאָסן נישט צו פרעגן זיך אויפן פויער, נאָר פרעגן זיך אויף אַ פאָלקס־דערערין, וואָס האָט ביי אים געוווינט. מיר קלאַפן אָן אין דער כאַטע, זאָגט אונז זיין מוטער, אַז דער זון איז נישטאָ אינדערהיים. מיר בעטן איר, זי זאָל אונז געבן אַ שטיקל ברויט, ענטפערט זי, אַז זי האָט נישט.

דערווייל גייען אַרויס אירע צוויי זין, וואָס זיינען געשלאָפן אין דער סטאָדאָלע. זיי האַלטן אין דער האַנט צוויי שטעקנס. נאָר ווען זיי האָבן אונז דערזען, האָבן זיי אונז דערלאַנגט די הענט, זיי האָבן אונז געהייסן זיך לייגן אויפן בוידעם. אינדערפרי וואַרטן מיר לאַנג אויפן עסן. ענדלעך קומט אַריין דער שגץ. ער ברענגט אונז אַ שטיקל ברויט מיט צוויי אייער, קיין געקעכטס נישט, ווייל די מוטער האָט אונז נישט געוואָלט געבן קיין עסן. זי האָט געמיינט, אַז מיר ווילן בחינם. מיר האָבן דעם שגץ געגעבן 500 זל. און דאָס האָט געהאָלפן. אין אַ טאָג אַרום האָב איך אים אַרויפגעבעטן אויפן בוידעם און געפרעגט אים, וויפל ער וויל פאַר א מאָנאַט געהאַלט. ער האָט געפאָדערט 4000 זל. אַ מאָנאַט. אין יענער צייט איז עס געווען אַ גרויסע ציפער. מיינע קוועלן זיינען געווען פאָלגנדיקע: ביי עטלעכע פּאָליאַקן האָבן מיר געהאַט באַהאַלטן מאַנופאַקטור־סחורות. איינער פון זיי איז פאַרן קריג געווען סטאַראָסטע אין סאַנדאָמירער פּאָוויאַט, דער צווייטער אַ פּראָקוראָר אין ראַדאָמער געריכט, דער דריטער איז געווען אַ סעקרעטאַר אין ראַ־

דאמער געריכט, דער פּירטער איז געווען סאניטאר פון קלעמענטאָוו.

עטלעכע טעג פאַר דער אויסזידלונג האָבן מיר זיך אָפּגערעדט מיטן סטאַראָסטע, ער זאָל קומען צו אונז נעמען אונזערע סחורה. ער איז געקומען אין באַגלייטונג פון אַ פּויער. איך האָב אַראָפּגעשלעפּט אַ זאַק מיט סחורה. עס האָט געקאָנט זיין דאָרט 80 קילאָוואָג. מאָנטיק אינדערפרי איז ער געווען ביי אונז. אינדערצייט פון מלחמה האָט ער באַקומען אין קלעמענטאָוו אַ געשעפט, וואָס אַ ייד האָט אים איבערגעגעבן. איך האָב אים אויסגערעכנט וואָס עס איז דאָ אין זאַק. איך האָב אים געבעטן, אז אויב מען וועט אונז נעמען אין לאַגער, זאָל ער אונז שיקן ברויט אין פּאַל ווען מיר וועלן אים שרייבן. נאָר אויב ער וועט זיך דערוויסן, אז מיר לעבן נישט, זאָל ער די סחורה אַוועקגעבן אויף אַן אַנטיפאַשיסטישן ציל. ער האָט געזאָגט: „גוט". איך האָב אין זיין „דאָבזשע" דערפילט אַ קאַלטן טאָן, אָבער איך האָב ביי זיך נישט דערלאָזט קיין בייזע געדאַנקען, ווייל פאַר דער מלחמה איז ער געווען פּאָפּולער צווישן יידן. איצט האָב איך צו אים אָנגעשריבן אַ בריוו און געבעטן ער זאָל דורכן שגץ ארויסשיקן 2000 זל. ער האָט אים געגעבן די 2 טויזנט זלאָט. און געפרעגט אים, ווו מיר זיינען. דער שגץ האָט געענטפערט, אז מיר זיינען אין ליצעום.

ביי ראַטקאָווסקין האָב איך געפרעגט אויף די באַקאַנטע יידן מאטיס און יואל פיינקובן, וואָס זיינען געווען אין דעם דאָרף. דערציילט ער אונז, אז עס איז זיי שלעכט, אַז זיי גייען ארום בארוועס, אָפּגעריסן, זיי האָבן נישט פון וואנען צו לעבן און דרייען זיך צווישן די פּויערים. ווען איך פרעג זיך אויף שרה ראזנבערג, ענטפערט ער, אז שרה ראזנבערג מיט נאָך צוויי מיידלעך זיינען אַ געוויסע צייט געווען ביי אים. פרילינג־צייט זיינען זיי מיט נאָך עטלעכע יינגלעך געגאַנגען אין וואַלד. דער נאַדלעשני האָט זיי געזען אין וואַלד און ער האָט צווויסן געגעבן דער זשאַנדערמעריע. די זשאנדארמעריע האָט אַרומגערינגלט דעם וואלד און 3 פון זיי

זיינען דערשאָסן געוואָרן, צווישן זיי שרה ראָזנבערג, אַ מיידל פון 20 יאָר. 3 זיינען אַנטלאָפן. איך גיב אַ טראַכט, צי האָט ער אפשר נישט קיין שייכות צו דעם, ווייל די ראָזנבערג האָט געוווינט ביי אים. צוליב דעם פאָדער איך אים אויף, אַז איך מוז זעען די ברידער מאַטיס און יואל פיינקוכן. עס גייט אַדורך אַ טאָג נאָך אַ טאָג און ער ברענגט מיר נישט די צוויי יידן. ביז עס קומט שבת דעם 14־טן אויגוסט 1943 יאָר. איך בין נאָך אלץ באַאומרויקט מיט דעמזעלבן ענין.

אַרום 10 אַזייגער בייטאָג הער איך, ווי די מוטער גיט אַ געשריי: „עדעק, זיגמונט.‟ איך דערקען אין איר שטים אַ דענערווירונג. זי לויפט ארום איבערן שטוב. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז געשען. אַ פּאָר מינוט שפּעטער לויפט ארויף אויפן בוידעם זיגמונט און גיט אַ געשריי: „טוט זיך אָן שנעל, ווייל זשאַנדאַרמעריע איז אין דאָרף‟. ער האָט געפאָדערט, מיר זאָלן ארויס פון אים און זאָגט מיר זאָלן גיין אויפן צמענטאַזש. איך בעט אים, ער זאָל אונז נישט ארויסוואַרפן, אויב מיר וועלן איצט ארויסגיין, זיינען מיר פאַרפאַלן, ווייל עס איז טאָג, און מען וועט אונז גלייך כאַפּן. נאָר עס העלפט נישט. מיר קריכן ארויס דורכן דאַך און מיר אנטלויפן אויפן צמענטאַזש. דער צווייטער שגץ גייט ארויף אויפן צמענטאַזש אַ קוק טאָן, צי מיר זיינען גוט באהאלטן. מיר האָבן באַשלאָסן זיך באהאלטן אין צוויי באַזונדערע ערטער. מיר ליגן אַ גאַנצן טאָג. יעדע מינוט איז אַ יאָר. 11 אַזייגער ביינאַכט קומט זיגמונט אויפן צמענטאַזש און פירט אונז צוריק ארויף. ער דערציילט, אַז אין דאָרף איז געווען פּוילישע פּאָליציי פון אָשעק, וועלכע האָט דערשאָסן צוויי יידן. די מוטער פון דער דערשאָסענער שרה ראָזנבערג און אַ סטאַשער יינגל גערשט. מיר ליגן א האַלבע שעה אויפן בוידעם, הערן מיר אַ שיסעריי. עס כאַפּט אונז ארום אַ שרעק.

עס קומט אריין עדעק און זאָגט: „איר האָט מורא?‟ איך פרעג, וואָס איז געשען, זאָגט ער, אז דאָס זיינען אָנגעקומען אין

דאָרף פּאַרטיזאַנער. און זיי שיסן גלאַט אַזוי. דער פּאַל האָט אונז באַרויקט, אַז זיי וועלן אונז נישט אַרויסגעבן, דאָך ווילט זיך זען מיט די צוויי יידן. זיגמונט האָט מיר צוליב געטאָן. ער זאָגט אונז צו זיי צו ברענגען. אויך פאָדער איך פון אים, ער זאָל אונז מאַכן אַ באַהעלטעניש. ער האָט אונז געמאַכט אויפן בוידעם אַ טאָפּעלע וואַנט און דאָס איז געווען אונזער סכראָן. אין אַ פּאָר טעג ארום זיינען געקומען די צוויי ברידער מאַטיס און יואל פיינקוכן. מיר פרעגן זיך אויס וועגן שרה ראָזנבערג, זיי גיבן איבער דאָס־זעלבע וואָס ראַטקאָווסקי האָט איבערגעגעבן. זיי זאָגן, אַז ראַטקאָוו־סקי איז אַן אָרנטלעכער מענטש. מיר האָבן זיך אינגאַנצן באַרויקט.

די לאַגע פון די ברידער פיינקוכן איז געווען א געפערלעכע, זיי זיינען געווען אָן געלט, אָן שיך, אָפּגעריסן. מיר האָבן זיך מיט זיי געטיילט מיט אונזער עסן. פון צייט צו צייט פלעגן זיי צו אונז קומען און זיין פון שבת ביז מאָנטיק איבערפרי. דאָס איז פאַר זיי געווען אַ דערהאַלטונג, ווייל אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי געגנעכטיקט אין וואַלד.

אַזוי זיינען מיר געווען דאָרט פינף וואָכן צייט. זונטיק דעם 5־טן סעפּטעמבער, ווען מיר זיינען געזעסן אין פירן אויפן בוידעם, זיינען געקומען חברים צו די שקצים. איינער איז צוגע־גאַנגען צום שטאַל און האָט דערהערט שנאָרכן. דאָס איז געשלאָפן איינער פון די ברידער. ער האָט דערקענט, אַז עמעצער שלאָפט אויפן בוידעם. ער האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אינדערהויך. פּונקט האָב איך זיך ראַזירט. איך גיב אַ קוק, זע איך, אַז א קאָפּ קוקט מיך אָן. דער שגץ האָט זיך באַלד אַראָפּגעלאָזט, איז צוגעגאַנגען צו עדעקן און געזאָגט: „וועמען האָסטו דאָרטן? גיב בראָנפן!" עדעק האָט אים איינגערעדט, אַז ער האָט אודאי געזען מאַטיסן, ווייל מאַטיס האָט זיך אָפּן אַרומגעדרייט איבערן דאָרף. ווען זיי זיינען אַוועק, איז עדעק אָרויף צו אונז און אַלץ דערציילט. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר וועלן אריינגיין אין אונזער באַהעלטעניש און עדעק וועט גיין נאָכן שייגעץ, וואָס האָט מיך געזען און וועט אים ווייזן, אַז

אויפן בוידעם איז נאָר געווען מאַטיס מיטן ברודער. ער איז ארויף מיט אים אויפן בוידעם. עדעק האָט אין זיין אָנוועזנהייט גערעדט מיט מאַטיסן און ער איז צוריק אַראָפּגעגאנגען. אָבער דאָך בין איך שוין ניט געווען רויק. און ווען מאַטיס איז אַראָפּ מיטן ברודער, האָבן מיר אים געבעטן, ער זאָל אונז געפינען אַ צווייטן אָרט. מאַטיס האָט אונז צוגעזאָגט, אז ער וועט זיך פאַר אונז באַמיען. גלייכצייטיק איז עדעק ארויף צו אונז און געבעטן, מיר זאָלן אויף צוויי וואָכן פאַרלאָזן די זאגראדע, ווייל ער האָט מורא פאר די שקצים.

מיר זיינען פארנאכט אַוועק פון אים אין דעמזעלבן דאָרף אויף אַ צווייטן אָרט וועלכן עס האָבן אונז אָנגעוויזן מאטיס מיטן ברודער. די ערשטע נאַכט זיינען די ביידע יידן מיט אונז צוזאַמען געשלאָפן. אינדערפרי איז אַריין אונזער נייער באַלעבאָס און גע־זאָגט צו די ביידע יידן, זיי זאָלן בייטאָג נישט זיצן ביי אים. ביי־טאָג זיינען מיר געזעסן אין סטאָדאלע, פאַרנאַכט האָט מען אונז אריינגעפירט אין אַ ניי באַהעלטעניש, ווו עס זיינען שוין ביים פויער געווען פריער באַהאַלטן יידן. דאָס באַהעלטעניש האָט זיך געפונען אין סטאָדאלע אונטערן היי. ס'זיינען געווען אונטערגע־שטעלט דרענגלעך און אויף זיי היי. עס איז געווען ענג. ביידע האָבן מיר נישט געקאָנט ליגן צוזאַמען. ביינאכט איז שוין געווען געפערלעך קאַלט. מיר האָבן זיך נישט געהאַט מיט וואָס צוצו־דעקן. באַוועגן זיך האָבן מיר נישט געקאָנט. מיר פלעגן נאָר פאַר־נאַכט ארויסגיין זיך דערלעדיקן און נאָכדעם פלעגט דער פויער אונז פאַרפאַקן אין היי. אריינגיין אין באַהעלטעניש פלעגן מיר דורך אַ לאָך.

זונטיק פלעגן צו אונז קומען ביידע יידן נאָר דאַן פלעגן מיר זיצן אויפן היי. דער פויער פלעגט אונז ברענגען געלט פון די באַקאַנטע ביי וועלכע מיר האָבן געהאַט ליגן אונזערע סחורות.

אַזוי ווי דער ווינטער האָט זיך אונטערגערוקט און מיר האָבן נישט געהאַט וואָס אָנצוטאָן, האָבן מיר באַשלאָסן גיין צו אונזערע

בעלי-חובות און נעמען עפּעס פון די זאַכן אָדער געלט. דעם 20־טן סעפּטעמבער האָבן מיר זיך געזעגנט מיט אונזערע באַלעבאַטים און געגאַנגען קיין קלעמענטאוו. מיר זיינען געגאַנגען דורך אומוועגן. ס'איז געווען פינצטער. מיר זיינען געגאַנגען דורכן וואַלד. אויפן וועג האָט אָנגעהויבן צו רעגענען. מיר זיינען אדורכגעווייקט געוואָרן ביזן לעצטן פאָדים. פון צייט צו צייט האָט מיין ברודער צו מיר געזאָגט, מיר זאָלן זיך אָפּרוען. מיר האָבן זיך אָפּגערוט.

מיר האָבן אָנגעהויבן ארומבלאָנדזשען. ענדלעך זאָגט מיר מיין ברודער, אז ער קאָן נישט גיין ווייטער, דאָס האַרץ טוט אים וויי. ער לייגט מיר פאָר, איך זאָל אריינגיין אין דאָרף ווולקע און דאָרטן דינגען אַ פור און צופאָרן ביזן דאָרף פּאָסטראָנגע צום פויער, ווו מיר זיינען שוין געווען פריער דריי טעג. יענער האָט אונז דאן געזאָגט, אז ער קאָן אונז נישט האַלטן, ווייל עס דארף קומען אין דאָרף אַ שטראָף - עקספּעדיציע וועגן קאָנטינגענט. איך האָב געזאָגט צום ברודער, ער זאָל זיך שטאַרקן, ער זאָל מיטגיין ביז פּאָסטראָנגע.

מיט גרויס מי און מאַטערניש האָבן מיר זיך דערשלעפּט ביז פּאָסטראָנגע. מיר זיינען צוגעקומען צום פויערס כאַטע, אָנגעקלאַפּט. נאָר ער האָט זיך נישט אָפּגערופן. עס האָט זיך אָפּגערופן דאָס ווייב, אַז דער מאַן איז נישטאָ אינדערהיים. מיר האָבן זיך לאַנג געבעטן און ענדלעך האָט מען אונז אריינגעלאָזט אין שטוב אריין. ער האָט געזאָגט, אַז פאַר קיין שום פאַל וועט ער אונז אפילו קיין טאָג נישט לאָזן זיין ביי זיך, ווייל מען ריכט זיך יעדע מינוט אויף אַ שטראָף-עקספּעדיציע פון די דייטשן פאַר נישט אָפּגעבן קאָנטינגענטן. עס העלפט נישט קיין בעטן. מיין ברודער וויינט, אַז ער קאָן שוין נישט גיין. דער פויער זאָגט, אַז נישט ווייט זיינען פּאַראַן סטערטעס פון שטרוי, ווו מען קאָן זיך באַהאַלטן. ער פירט אונז ארויס אין דרויסן און ווייזט אונז, ווו צו גיין. די פעלדער זיינען שוין צעאַקערט. מיין ברודער קאָן קיין פוס נישט שטעלן. דאָ הויבט שוין אָן צו טאָגן און מיין ברודער זאָגט צו מיר, איך זאָל איבּ

איבערלאָזן, זאָל זיך מיר דאכטן, אַז צווישן אַלע נאַכטע, וואָס איך האָב פארלוירן, געפינט זיך אויך ער. איך האָב זיך צעוויינט. איך האָב אים גענומען אויף די פלייצעס און אים דערשלעפט צו דער סטערטע.

עס איז שוין געווען גרויסער טאָג. איך האָב געמאַכט אַ לעכל אין סטערטע, איך האָב אים אריינגעשלעפּט. קאַלט איז אונז געווען, מיר זיינען געווען דורכגעווייקט, עס האָט געבלאָזן אַ ווינט. רירן זיך האָבן מיר נישט געקאָנט. מיר זיינען געווען פארשטייווערט פון קעלט. ביינאַכט גייען מיר אַראָפּ פון דער סטערטע. מיין ברודער האָט נאָך נישט געקאָנט גיין, כאָטש עס איז אים שוין געווען בעסער. אין משך פון טאָג האָט זיך דאָס אָנטוועכץ אויף אונז אויסגעטריקנט און מיר גייען צוריק צום פויער אין פּאַסטראָנגע.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו בלאָנדזשען. פאַרבייגעגאַנגען פאַרשיידענע דערפער, ביז מיר זיינען צו אים צוגעקומען. אָבער ער לאָזט אונז שוין נישט אַריין. ער האָט מורא. מיר בעטן אים, ער זאָל אונז פאַרקויפן עפּעס עסן. ער פאַרקויפט אונז אייער און ברויט. דאַן בעטן מיר אים, ער זאָל אונז כאָטש אויף צוויי שעה אַריינלאָזן אין קעלער אריין. ער דערלויבט אונז, אָבער אין אַ האַלבע שעה ארום קומט צולויפן זיין ווייב און זאָגט, אז עס איז שוין טאָג, מיר זאָלן אַרויסגיין. מיר גייען ווייטער צו דער סטערטע. מיר מאַכן אין דער סטערטע אַ הייל. די ארבעט איז אַ שווערע. פון רייסן דעם שטרוי הויבן אונז אן צו בלוטיקן די הענט. זיכער האָבן מיר זיך אויך נישט געפילט, ווייל די פויערים האָבן געקאָנט קומען נאָך שטרוי. מיר זיינען אַריין אין הייל, פאַרמאַסקירט דעם אַריינגאַנג און אַזוי געלעגן. מיר זיינען ביינאַכט ווייטער ארויס און ווייטער געבלאָנדזשעט. מיר קומען צום דריטן מאָל צום פויער אין פּאַסטראַנגע. מיר זאָגן אים, אז מיר גייען שוין אוועק און בעטן אים, ער זאָל אונז געבן בלויז אָפּצועסן. ער פירט אונז אריין אין קו־שטאַל, ווייל אין שטוב איז פאַראַן אַ באַקאַנטע. נאָך צוויי שעה פירט ער אונז

אַריין אין קאַמער, גיט אונז אָונטערברויט און מיר גייען.

דאָס איז געווען דאָנערשטיק, דעם 23־טן סעפּטעמבער. מיין ברודער לייגט פֿאָר, מיר זאָלן אַריין צו אונזער באַקאַנטן פויער פּאָליט אין דאָרף גאַזשליץ. כ׳האָב צו אים נישט געוואָלט אַריינגיין, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז ער וועט אונז נישט האַלטן. אויף קיין פאַרדינסטן, האָב איך געוווּסט, וועט ער נישט לויפן, ווייל ער איז געווען זייער רייך. ער האָט געהאַט איבער 20 מאָרג בעסטע ערד „סאַנדאָמיערקע" און גלאַט אָפּטרעטן בלויז צוליבן אָפּעסן האָב איך נישט געוואָלט. מיין ברודער האָט אָבער נישט גערוט, ער האָט מיר די גאַנצע צייט געמאַטערט, מיר זאָלן צו אים אריינגיין. מיר זיינען אַדורך דאָס דאָרף אָסאַלין, א האַלבן קילאָמעטער פון פּאָליטס ווינאָרט.

מיר האָבן נישט געוווּסט, וואָס פאַראַ געפאַר מיר האָבן איינגעמיטן, ווייל אין דאָרף אָסאַלין איז געווען א פּאָסטערונעק פון אוקראַינער ווערקשוצן, וואָס האָבן געהיט א גאָזשעלניע. מיר זיינען אדורך דאָס דאָרף און מיר גייען פֿארביי פעלדער. דער וועג איז אַ שווערער און דער ברודער זאָגט ווייטער:

— אפשר וועלן מיר אָפּטרעטן ביי פּאָליטן?

זעענדיק ווי ער האָט זיך איינגעשפּאַרט האָב איך אים נאָכגעגעבן. מיר זיינען צוגעגאַנגען צו דער כאַלופּע. מיר ווילן אריין. אין הויף איז פאראַן א געפערלעכער הונט, ער צערייסט פשוט דעם פּלויט. מיר קלאַפּן אָן אין פענצטער. מיר שרייען „אַנדזשעיו, עפנט!" ער שלאָפט ווי אַ געהרגעטער. נאָר ס׳ווייב האָט דערהערט. זי פרעגט זיך: „ווער איז דאָרט?" איך ענטפער: „דער שניידער פון קלעמענטאָוו". זי איז ארויס אונז עפענען. זי גיט זיך נישט קיין עצה מיטן אייגענעם הונט. זי וועקט אויף וואַצעקן, דעם זון. ער גייט אַרויס און מען פירט אונז אַריין. מען פרייט זיך זייער מיט אונז און זי זאָגט, אַז זי גייט אונז מאַכן עפּעס צו עסן. איך בעט איר, זי זאָל נישט גיין. זי האָרכט מיך נישט. זי ברענגט צוטראָגן 6 געקאָכטע אייער, אַן אייזערן טעפּל מיט שווארצע

קאַווע מיט צוקער. זי גיט אונז ברויט. דער אלטער פרעגט אונז אלץ אויס, וויאזוי מיר זיינען אנטלאָפן. און די אלטע זאָגט צו אים:

— מאַטער זיי יעצט נישט, זאָלן זיי עפעס עסן.

איידער איך האָב אויסגעטרונקען דאָס ערשטע טעפל קאַווע האָט זי שוין דערלאַנגט אַ צווייט טעפל. איך גיב אַ קוק אויפן זייגער, עס איז שוין האַלב איינס ביינאַכט. די אַלטע קוקט אונז אָן און זאָגט: „מיינע אָרעמע יונגען". מיר מיינען שוין, אַז זיי וועלן זאָגן „גייט", אָבער דער אַלטער זאָגט צו אונז:

— קומט, איך וועל אייך ווייזן, ווו צו נעכטיקן.

ער פירט אונז אַרויף אויפן שטאַל־בוידעם, בעט אונז אויס מיט שטרוי, נעמט צונויף אַלע קורטקעס פון שטוב און דעקט אונז צו. אינדערפרי קומט אריין דער קליינער שגץ, ער איז אַלט 11 יאָר, ער פירט ארויס די זיבן בהמות, וואָס זיינען פאראן אין שטאַל. עס קומט אַריין די מוטער און זאָגט, מיר זאָל אַריינגיין זיך וואַשן. מיר האָבן מורא אראָפצוגיין, אָבער זי באַרויקט אונז, אַז דאָ קומט נישט קיין שום פרעמדער. מיר גייען אַראָפ אין שטאַל. מיר וואַשן זיך אָפ מיט היימישער זייף. מיר גייען ארויף אויפן בוידעם. די אַלטע קומט ארויף אויפן בוידעם און פרעגט, וואָס מיר וועלן עסן? זי ברענגט אונז ארויף קאַרטאָפל מיט באָרשטש. פאַרנאַכט גרייטן מיר זיך צום אַוועקגיין.

מיר זיינען דעם זעלבן אָוונט אַריין צו איינעם אַ פויער אין גאָזשליץ, ווו מיר האָבן געהאַט לאטשן, וועש און אַנדערע קלייניקייטן. מיר האָבן עס געוואָלט אריינטראָגן צום סטאַראָסטע, עס זאָל זיין ביי אים. מיר קומען אַריין צו דעם פויער, ער איז נישטאָ אינדערהיים. עס איז דאָ בלויז זיין מוטער. מיר האָבן זיך אוועקגעזעצט אין סאָד און געוואַרט, ביז ער וועט קומען. דער פויער גייט אריין אין סטאָדאָלע, ברענגט אונזערע פלעצאַקעס, אָבער עס איז אין זיי קיין דריטל נישט געווען פון דעם, וואָס מיר האָבן אים איבערגעלאָזט. איך פרעג דעם פויער, ווו זיינען מיינע

זאכן, ער זאָגט אונז, אַז די פּלעצאקעס האָט ער אַ געוויסע צייט געהאַלטן אין סאַנדאָמיר ביי אַ פּאָליאַק און דאָרטן האָט מען זיי אַזוי פאַרביטן. ער האָט אונז געגעבן 200 זל., געטריקנטע פלוי־מען און האָט אונז געזאָגט, אַז ווען מיר וועלן פאַרבייגיין, זאָלן מיר צו אים אריינגיין, וועט ער אונז נאָך עפּעס געבן. פון אים זיי־נען מיר געגאַנגען צו אַ פּויער, וווּ עס איז געווען באהאַלטן אַ ייד.

ווען מיר זיינען נאָענט צוגעקומען צו דער טיר, הער איך ווי דער ייד זאָגט צום פּויער: „גייט שוין שלאָפן". מיר האָבן אָנגעקלאַפּט. דער פּויער עפנט אונז. מיר קומען אין שטוב אַריין. מיר פרעגן אים, וואָס הערט זיך מיטן יידן? דער פויער זאָגט, אז ער איז נישטאָ. אָבער איך זאָג אים: „דערצייל מיר נישט קיין מעשיות, איך וויל אים זעען". ער גייט אריין אין שטאַל און ברענגט דעם יידן. איך פרעג אים, ווי עס גייט אים דאָ. ער איז שוין ביי דעם פּויער געווען באַהאַלטן 9 מאָנאַטן. זיין ברודער איז געווען אין ליצייאום. ער איז נאָך דער ליקווידאַציע פון ליצייאום אַנטלאָפן און איז שוין געווען אין וועג צום ברודער. דער ייד זאָגט מיר נישט ווי מען באַהאַנדלט אים, אָבער קיין בעסער אָרט איז אפשר אין גאַנץ פוילן נישט געווען. די פּויערים, ביי וועלכע ער איז געווען, זיינען געווען קינדערלאָז. זיי זיינען ארום אים געגאַנגען און שפּעטער נאָך זיין ברודער ווי ארום קינדער. די פּויערטע האָט זיך געטיילט מיט זיי מיט יעדן ביסן. זי האָט זיי געוואַשן וועש, געשוירן זיי. איר מאַן טעאָפיל פּאָליט איז שפּעטער געהרגעט גע־וואָרן פון אַ מינע. די יידן, וואָס האָבן ביי זיי געוווינט, האָבן קיין געלט נישט געהאַט. קיין געשעפטן האָט דאָס פּאָר פּאָלקן ביי זיי נישט געמאַכט. מיר האָבן זיך געזעגנט און אוועק פון דער שטוב.

מיר זיינען צוריקגעקומען צו די פּויערים, וואָס האָבן אונז אַזוי גוט אויפגענומען, זיי האָבן אויך געהייסן פּאָליט. מיר האָבן זיך צוריק אַריינגעלייגט אין שטאַל. אינדערפרי איז ארויף צו אונז די אַלטע און געפרעגט, צי מיר האָבן צוריקבאקומען אונזערע זאכן. איך האָב איר אָפּגענאַרט און געזאָגט, אז מיר האָבן די זאַכן באַ־

קומען. פארנאַכט זיינען מיר געגאַנגען צום סטאַראָסטע, וועלכער האָט געוווינט אין פּענכאָוו. זיין געשעפט וועלכן ער האָט איבער־גענומען ביים יידן, איז געווען אין קלעמענטאָוו. עס איז שוין געווען פארנאכט. דער אלטער פרעגט אונז, צי מיר וועלן צוריקקומען, ענטפערן מיר, אז יאָ. מיר גייען אין דער ריכטונג צו פּענכאָוו. מיר האָבן געדאַרפט אדורכגיין דאָס דאָרף זאקשווו. ביי יעדער כאַטע טרעפן מיר פּאָרלעך. אלע קענען אונז, אָבער מען זאָגט אונז גאָר־נישט.

מיר גייען ווייטער. ענדע דאָרף קרייצן זיך די וועגן. עס מיידט אונז אויס אַ באַקאַנטער פויער. ער זאָגט גאָרנישט. פּלוצ־לונג גיט מען אונז אַ באַלייכט פון אונטן און עמעצער גיט אַ גע־שריי:

— ווער גייט?

מיר ענטפערן:

— אַן אייגענער.

דער אומבאַקאַנטער פרעגט זיך:

— פון וואַנעט?

רופט זיך אָפּ מיין ברודער:

— פון סאַנדאָמיר. — גלייכצייטיק גיט ער צו: — מיר גייען פון לאגער.

דער פאַרשוין הייסט אונז שטיין, לייכט אונז אין די אויגן אַריין. ווען איך קוק זיך גוט אין אים אייַן, זע איך, אז ער איז אָנגעטאָן אין אַ מונדיר פון אַ זשאַנדארם און ער האַלט אויסגעשטעלט צו אונז דעם פּיסטאָלעט. אין ערשטן אויגנבליק האָב איך געמיינט, אז עס איז אַ זשאַנדאַרם, נאָר איך האָב זיך גלייך אָריענטירט, אז ער איז א פּאַרטיזאַן. אזוי ווי מיין ברודער האָט געזאָגט, אז מיר גייען פון לאַגער, האָט יענער פארשטאַנען, אז מיר זיינען יידן. ווייל אין סאַנדאָמיר איז געווען א לאַגער בלויז פאַר יידן. האָט ער גלייך פרעגט:

— אָבער יידעלעך?

ער הויבט אונז אָן אויסצופרעגן, ווו מיר גייען, צו וועמען. מיר זאָגן, אַז מיר גייען קיין קלעמענטאָוו. מיר זאָגן, אַז מיר האָבן קיינעם נישט, נאָר מיר גייען אַהין פאַרקויפן דאָרטן ביי באַקאַנטע די זאַכן, כדי צו קויפן ברויט. ער וויל אומ־באַדינגט וויסן, צו וועמען מיר גייען, ווייל ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז מיר האָבן ביי עמעצן איבערגעלאָזט זאַכן. מיר האָבן זיך אָבער געהאַלטן ביי איינס. ווען דער ברודער זאָגט אים, ער זאָל אונז באַ־זוכן און איבערצייגן זיך, צי מיר האָבן געלט, האָט ער געענט־פערט:

— איך דאַרף נישט אייער געלט.

ער הויבט אָן צו פייפן. ער האָט אודאי געוואָלט אַלאַרמירן די איבעריקע חברים, זיי זאָלן צו־קומען, נאָר עס קומט נישט קיינער. ער פירט אונז אויף פאַרשידע־נע ערטער. דער ברודער לייגט פאָר, מיר זאָלן אַנטלויפן, אָבער איך וויל נישט. דער ברודער בעט אים, ער זאָל אונז אָפּלאָזן, אָבער ער זאָגט:

— דערנענטערט זיך נישט צו מיר.

ענדלעך, נאָכן אַרומפירן אונז אַהין און אַהער זאָגט ער:

— גייט נישט קיין קלעמענטאָוו, ווייל דאָרט איז פאַראַן אַ פּאָליציי־פּאָסטערונעק.

ער פרעגט אונז אויס, וואָס עס הערט זיך מיט דער מלחמה, זאָגן מיר אים, אַז מען שמועסט, דאָס אינגיכן וועט שוין זיין נאָך דער מלחמה. צום סוף פרעגט ער זיך:

— איר רויכערט?

ער נעמט אַרויס צוויי פּאַפּיראָסן, וואָרנט אונז נאָכאַמאָל, מיר זאָלן נישט גיין קיין קלעמענטאָוו און לאָזט אונז אָפּ. מיר גייען ווײַ־טער. מיר קומען אָן קיין פּענכאָוו.

עס איז נאָך גאַנץ פרי. פאַרן הויז, ווו עס האָבן געוווינט יידן, הערן מיר געלעכטערס פון שקצים און שיקסעס. מען באַלייַכט אונז מיט אַ באַטערייקע. מיר זיינען אַרויף אויפן הויף, ווו דער סטאַ־

ראַסטע האָט געווויינט. אַ הונט צעבילט זיך. מיר הערן טריט. עמעצער פרעגט:

— ווער גייט?

מיר זאָגן, אַז מיר גייען צום סטאַראָסטע.

— נאָך וואָס?

— מיר האָבן צו אים אַן ענין.

איידער מיר זיינען נאָך אַריין צום סטאַראָסטע, זאָגט מען אים שוין אָן, אַז צוויי אומבאַקאַנטע פרעגן זיך אויף אים. ווען מיר קלאַפּן אָן, פרעגט דער סטאַראָסטע:

— ווער איז עס?

זאָגן מיר:

— דער שניידער פון קלעמענטאָוו.

איך הער ווי דער סטאַראָסטע שמועסט מיט עמעצן. מען עפנט די טיר, זע איך דעם ערשטן וואָס האָט אונז געטראָפן אין גאַס אין איך טיר און דעם סטאַראָסטע אין דער צווייטער. ארויסגעוויזן האָט זיך, אז דאָס איז געווען דער אַגראָנאָם פון הויף. מיין ברודער גייט אריין דער ערשטער, איך נאָך אים.

דער סטאַראָסטע באַגריסט אונז נישט. מיין ברודער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר. איך גיב אַ קוק אויף אים און עס איז מיך באַפאַלן אַ שרעק. זיין פנים איז געווען באַצוואָגן פון אַנגסט. דער סטאַראָסטע הייסט זיך אונז אפילו נישט זעצן. דאָס איז געווען שבת דעם 25־טן סעפּטעמבער. אין שטוב איז געווען ריין, עלעקטרישע באַלייכטונג. ער גייט איבערן צימער אין אַ פּיזשאַמע, באַרוועס אין ברילן. אויפן טישל ליגן פּאַפּיראָסן. ער פילט זיי אויס און זאָגט אַפילו נישט, מיר זאָלן נעמען אַ פּאַפּיראָס. זיין פרוי וואַשט דאָס קינד. אין שטוב איז ווארעם. אויף אַ טישל ליגט אַ ביכל פון קאדען באַנדראָווסקי. איך זע, ווי ער זעט אויס און ווי מיר זעען אויס.

ער פרעגט זיך פון וואַנען מיר קומען. מיר ענטפערן, אַז מיר

זיינען אַנטלאָפן פון לאַגער. ער זאָגט, אַז מיר האָבן שלעכט געטאָן, וואָס מיר זיינען אַנטלאָפן, ווייל אין סאַנדאָמירער ראיאָן וועלן מיר ניט אָנהאַלטן קיין צוויי וואָכן. מיר האָבן אָבער געענטפערט. אַז מיר זיינען שוין 2 חדשים אויף דער פריי און מיר האָבן אפילו איצט געטראָפן אַ פּארטיזאַנער, וועלכער האָט אונז אָפּגעלאָזט. לויט זיין בליק האָב איך דערקענט, אַז ער איז מיט דעם נישט צופרידן. ער גיט אונז אַן עצה, מיר זאָלן גיין צוריק אין לאַגער. זאָג איך:

— איך זאָל גייך אויסאַרבעטן געוועהר פאַר די באַנדיטן, וואָס האָבן געהרגעט מיינע עלטערן?

זאָגט ער:

— דאָס זיינען נאַרישקייטן. 3 מיליאָן פּאָליאַקן אַרבעטן אויף די דייטשן.

איך האָב אָבער געענטפערט, אַז צוריק אין לאַגער וועל איך שוין נישט גייך. זאָגט ער, אַז פליגל־מאַן לעבט נישט, שולדמאַן אויך נישט און ער זאָגט, אַז פּאָליאַקן האָבן זיי געהרגעט. מיט די ווערטער האָט ער אונז געוואָלט דער־װריקן. ער האָט געזאָגט, אַז עס איז פאַראַן נאָר איין קלוגער ייד, דאָס איז מלך ווייסבלאַט, וועלכער איז אין לאַגער און אנטלויפט נישט.

מלך ווייסבלאַט, דאָס איז געווען דער ייד, וועלכער האָט אים איבערגעגעבן דאָס געשעפט אין קלעמענטאָוו. ער פרעגט וועגן וואָס מיר זיינען געקומען. איך האָב אים געבעטן, אַז אויב מיר וועלן שיקן צו אים אַ מענטשן, זאָל ער ארויסגעבן אים געלט. אויף דעם האָט ער מיר געענטפערט:

— איך וויל נישט האָבן צו טאָן מיט די יידן.

און ווען איך פרעג אים פאַרוואָס, ענטפערט ער:

— ווייל יידן זיינען גנבים.

זאָג איך אים:

— הער סטאַראָסטע, אָבער דו האָסט דאָך געקענט מיין פאָ־טער און ווייסט וואָס פאַר אַן אַרבעטזאַמער מענטש ער איז געווען.

ענטפערט ער נאָכאַמאָל:

— איך וויל מיט יידן נישט האָבן צו טאָן. אויב דו ווילסט נעם אלץ צו, ווייל שטיקלעכווייז וועל איך נישט אַרויסגעבן, עס קאָן פארפוילט ווערן.

איך זאָג, אַז איך וועל צושיקן אַ מענטשן, וועלכער וועט די גאנצע סחורה צונעמען. איך שמועס זיך אָפּ מיט אים, אז איך וועל אים שרייבן אַ בריוו און ער וועט ענטפערן אויף דעם בריוו, ווען מען זאָל קומען נאָך די סחורות, ווייל די סחורות זיינען נישט ביי אים. מיר האָבן ביי אים געבעטן געלט, האָט ער זיך צוערשט געדרייט, שפּעטער איז ער צוגעגאַנגען צום שאַנק און געגעבן מיר 1000 זל. און דעם ברודער 1000 זל. מיר געזעגנען זיך און גייען ארויס.

ווען מיר זיינען געקומען צוריק אין גאָזשליק האָט שוין געטאָגט.

# 13. ביי פויערים אויף קעסט

דעם 26־טן סעפטעמבער קומט ארויף די אלטע און פרעגט אונז, צי מען האָט אונז ארויסגעגעבן דאָס פאַרמעגן. מיר האָבן איר דערציילט אלע אונזערע איבערלעבונגען. מיר האָבן זיך פאר איר נישט באַהאַלטן. מיין ברודער האָט זיך שטאַרק צעוויינט:

— ווער וועט אונז האלטן, ווער וועט אונז אַריינלאָזן?

זאָגט זי:

— וויין נישט, איר וועט זיין ביי מיר.

אַזוי ווי מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט מיטן סטאַראָסטע, אַז מיר וועלן שיקן נאָך דער סחורה, האָבן מיר גענומען דעם עלטסטן זון פון פויער, געגעבן אים אַ בריוו צום סטאַראָסטע, ער זאָל באַשטימען אַ טערמין, ווען מען זאָל קומען נאָך דער סחורה. דער שגץ איז געגאַנגען קיין קלעמענטאָוו, האָט דער סטאַראָסטע אָנגעהויבן מיט אים צו דרייען, פאַרוואָס ער אינטערעסירט זיך מיט אַ ייד, ער האָט געענטפערט ווי געהעריק און דער סטאַראָסטע האָט באַשטימט אַ טערמין, ווען מען זאָל קו־מען.

איך האָב אָנגעשריבן אַ באַפולמעכטיקונג וועגן ארויסגעבן די סחורה און געשיקט שוין דעם ייִנגערן ברודער. ווען ער איז אַהיינגעקומען, האָט אים דער סטאַראָסטע אויסגעפרעגט, פון וואַנען ער איז. נאָר יענער האָט זיך אויסגעדרייט. דער סטאַראָסטע האָט אָפּגעגעבן אַ דריטל סחורה, אָבער אויך דאָס איז פאר אונז געווען א רעטונג. דאַן האָב איך גערעדט מיטן עלטסטן זון, און פאַרגע־

לייגט זיי זאָלן אונז לאָזן ביי זיך. ער האָט צוגעזאָגט רעדן מיטן פּאָטער.

אין אַ טאָג צוויי אַרום איז ער אריין און געזאָגט, אַז ער איז מסכים. פאר אונזער אויסהאַלטונג האָב איך זיי נישט געצאָלט מיט געלט, נאָר מיט סחורה. איך האָב זיי אויך צוגעזאָגט, אז אויב מיר וועלן ווערן באפרייט, וועלן מיר זיי די רעשט סחורה איבערלאָזן. און אזוי האָב איך טאַקע געטאָן. נאָך דער באַפרייונג האָב איך זיי איבערגעלאָזט סחורה אויף 10—12 טויזנט זלאָטעס.

מיר זיינען געווען אין שטאַל פון אויבן. דאָרט בין איך קראַנק געווארן אויף דעזינטעריע. איך האָב געוווסט, אַז ס'איז אַ געפערלעכע אַנשטעקנדיקע קרענק און איך האָב מורא געהאַט צו זאָגן זיי, אַז איך בין אויף דעם קראנק, ווייל זיי וועלן מיר נאָך אפשר ארויסווארפן. איך האָב דעריבער אליין געטאָן, וואָס מען קאָן. אַ יאָר צייט האָב איך גאָרנישט געגעסן. מיין ברודער פלעגט אויפעסן מיין עסן. ווען איך בין געזונט געוואָרן, איז מיין ברודער קראַנק געוואָרן אויף דער זעלבער קרענק. ער האָט געקרענקט עטלעכע חדשים און איז אויך געזונט געוואָרן.

פּרייטיק דעם 8־טן אָקטאָבער 1943 יאָר איז אין קלעמענטאָוו געווען אַ יאריד. עס האָט נישט לאַנג געדויערט קומט צוריק צופאָרן מיין באלעבאָס און דערציילט, אַז גאָר נאָענט פון שטאָט איז דער גאַנצער יאריד זיך צעפאָרן. געשען איז אָט וואָס:

אין קלעמענטאָוו איז געווען אַ פּאָסטערונעק פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע, האָבן זיי דעם 7־טן אָקטאָבער געכאַפּט אַ פּוילישן פּארטיזאנער און אים אַריינגעזעצט אין אַרעסט. ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון תפיסה און איז אנטלאָפן אין דער ריכטונג פון קלויסטער. אין יענעם מאָמענט האָבן דאָרט שפּאַצירט דער קאָמענדאנט פון דער קלעמענטאָווער זשאַנדאַרמעריע מייסטער לעשער און נאָך צוויי זשאַנדאַרמען. זיי האָבן אַ געשריי געטאָן, ער זאָל שטיין בלייבן. ער האָט נישט געפאָלגט, האָבן זיי אין אים געשאָסן און אים פאַרוואונדעט. דאן איז צוגעגאַנגען צו אים לעשער

און אים דערשאָסן. ער האָט באפוילן אים צו באַגראָבן אויפן יידישן בית־עולם. וועגן דעם האָט מיר נאָך איבערגעגעבן דער עלטסטער זון דעם 7־טן אָקטאָבער, צוגעבנדיק די ווערטער: „אָט וועסטו זען, אַז ער וועט נישט לעבן!" און טאַקע צומאָרגנס, ווען מיין באַלעבאָס איז געקומען צוריק, האָט ער דערציילט, אַז צו לעשערן איז צו־געגאַנגען אַ פּאַרטיזאַן אויף דער גאַס און האָט אין אים אריינגע־שאָסן 5 קוילן און צוגענומען ביי אים אַ פּיסטאָלעט. באלד נאָכדעם איז ער אריין אין אַ וואָגן, וואָס האָט אויף אים געוואַרט און איז אַנטלאָפן. נאָך זיין אַנטלויפן איז קיין קלעמענטאָוו געקומען די זשאַנדאַרמעריע, אָנגעהויבן שיסן און געשאָסן אויף טויט איינעם טאַדעק גרודזיען. מיין באַלעבאָס האָט זיך געשראָקן, אַז עפּעס וועט אין קלעמענטאָוו געשען. מיך מיטן ברודער האָט געפרייט, וואָס לעשער איז געפאַלן.

מיר האָבן דעם אלטן מיט די זין געבעטן, זיי זאָלן אונז מאכן אַ באַהעלטעניש, ווייל מיר האָבן מורא געהאַט צו ליגן פון אויבן אויף. זיי האָבן עס אָפּגעשלעפּט פון איין טאָג אויפן צווייטן. אזוי האָט עס געדויערט ביז אָנהויב נאָוועמבער. ענדלעך, דעם 13־טן נאָוועמבער איז די נייע וווינונג געווען פאַרטיק. דאָס באַ־העלטעניש איז געמאַכט געוואָרן אין דער סטאָדאָלע. די לענג פון דעם באהעלטעניש איז געווען 1 מעטער 75 ס״מ, אויף אַ האָר נישט לענגער פון אונז, די ברייט 1 מ' 25 ס״מ, די הויך 1 מ. 28 ס'מ. אויפשטעלן זיך דאָרטן האָבן מיר נישט געקאָנט. מיר האָבן נאָר געקאָנט זיצן אָדער קניען. פינצטער איז דאָרט געווען ווי אין קבר.

ווען קיינער איז נישט געווען, פלעגן מיר ארויס אין דער סטאָדאָלע. נאָר צומייסטן זיינען מיר געלעגן אין דער באהעלטעניש, ווייל צו די באַלעבאַטים פלעגן קומען געסט. עס פלעגט צו זיי קו־מען אַ קוזין פון סטאַליאָוואָ וואָליא, אַ געוויסער זארעמבא. ער איז געווען אַ לינקער. ער פלעגט ברענגען גוטע ידיעות פון פראָנט און אונזער באַלעבאָס פלעגט שטענדיק צו אונז ארויפגיין מונ־

טערן אונז און זאָגן:
— די מלחמה ענדיקט זיך אויף אַ האָר.
דער זעלבער זארעמבא האָט זיך אין דאָרף אויסגעדריקט מיט סימפּאַטיע וועגן רוסלאנד, האָבן אים די אַקאָוצעס אָנגעהויבן זוכן און אים פארהאלטן. נאָר אַ דאנק דער אינטערוועניץ פון אונזער באַלעבאָס, אַז ער איז אַן אָרנטלעכער מענטש, האָבן זיי אים אָפּגעלאָזן.
ליגנדיק פון אויבן און זעענדיק, אַז צו דער דערלייזונג איז נאָך ווייט, האָב איך דעם זון געבעטן, ער זאָל מיר ברענגען אַ געהיים בלעטל, ווייל מיר האָבן געוואָלט וויסן, וואָס עס הערט זיך.
האָט ער מיר געבראכט אַ בלעטל „שליאַקיעם כראָבּרעגאָ" („כראָבּרעס וועג"). און נאָכדעם בלעטלעך פון נ. ס. ז. „אינפאָרמאַציע נאַראָדאָוויך שיל זבראָיניך" (אינפאָרמאַציעס פון די נאַציאָנאַלע באַוואָפנטע כוחות).
דאָרט איז פאַנאַנדערגעוויקלט געוואָרן די שנאה צו רוסלאַנד, צו דער רויטער ארמיי און דער לינקער באַוועגונג אין פּוילן. זיי גיבן אָן ענטפער דער פּ. פּ. ר., וועלכע לייגט פאָר אַ פאַרייניקונג פון אלע פּארטייען קעגן דעם דייטשן אָקופּאַנט. זיי ענטפערן אויף דעם, אַז ס'איז נישט די צייט ארויסצוטרעטן אין קאַמף, מען זאָל נישט האָרכן די פּ פּ. ר., זיי האָבן געשריבן, אַז פּ. פּ ר. מיינט אין דעם פאַל די טובות פון רוסלאנד. זיי האָבן געשריבן, אז „מיר וועלן דאן ארויסטרעטן קעגן דייטשלאַנד, ווען מיר וועלן עס געפינען פאַר נויטיק". אין אַ צווייטן בלעטל איז דער אויטאָר ארויסגעטראָטן קעגן די נייע מערב-גרענעצן, וואָס וועלן ווערן באַשטימט. אַזוי פלעגן מיר באקומען יעדע 10 טעג אַ בלעטל. דעם 25 פעברואר 1944 האָב איך באקומען דאָס לעצטע בלעטל. ווען איך בעט ווייטער אַ בלעטל, זאָגט דער אַלטער, אז עס גייט שוין נישט ארויס די צייטונג. נאָר איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז אַזוי ווי אין די בלעטלעך איז מען שטאַרק ארויסגעטראָטן קעגן רוסלאַנד און קעגן יידן, האָבן זיי מיר צוליב דעם נישט געוואָלט געבן דאָס בלעטל.

ווינטער האָבן זיי זיך געבאָרגט אַ ניי־מאַשין פון זייערס אַן אידעם פון אַ צווייטן דאָרף און ביינאַכט פלעג איך אַראָפּגיין פון מיין באַהעלטעניש און נייען פאַר זיי. ווען איך בין אריינגעקומען ביינאַכט צו דער ארבעט, האָט מיר דערציילט דער באַלעבאָס, אַז אין דאָרף סוליסלאָוויצע זיינען געווען ביי אַ גלח באַהאַלטן 12 יידן און אַ צווייטער גלח האָט אים געמסרט. צווישן די 12 יידן איז געווען אַ רב. מען האָט זיי אַלע ארויסגענומען און געשאָסן. אַ צווייט מאָל דערציילט ער מיר, אַז אין אַ שכנותדיק דאָרף יוגאשוו זיינען געווען באַהאַלטן ביי אַ פּויער יורקאָווסקי 9 יידן, אייגנטימער פון אַן אָליעארניע, האָט ער אַליין צוזאמען מיט נאָך איינעם סטאַביסלאוו מאַזשעק פון קאָזיא־גורא זיי דערהרגעט. די ניין יידן ליגן באַגראָבן נעבן דער קאַפּליצע אין יוגאשוו.

ביי דעם זעלבן סטאַך מאַזשעק זיינען געווען אויסבאהאלטן 3 יידן: יאנקל אַפּלבוים, משה טענצער און יאַנקל גרינשטיין, האָט ער מיט זיינע חברים זיי אַזוי שטאַנטאַזשירט, אַז זיי האָבן געמוזט אַוועק פון דאָרטן. מען האָט זיי פאַרפאלגט אזוי, אז סוף מערץ יאָר 1943 זיינען זיי אריינגעפאַלן אַ דאַנק דער מסירה פון טאדעק בזשאָזאָווסקי פון קלעמענטאָוו. מען האָט זיי געכאַפּט אין דאָרף קאָנאַרי. מען האָט זיי געבראַכט אין שטאָט אריין. די דייטשן האָבן זיי פאַרן טויט ארומגעפירט איבער קלעמענטאָוו. דערזעלבער בזשאזאָווסקי איז זיי נאָכגעלאָפן און געשריען: „איר זענט דאָך די שטאַרקע". מען האָט זיי אוועקגעפירט הינטער דער שטאָט און געשאָסן. דעמזעלבן בזשאַזאָווסקין האָבן די דייטשן געגעבן אַ ביקס און ער האָט אויך געשאָסן אין זיי.

אינדערצייט, ווען איך בין געווען ביי מיין באלעבאָס, האָב איך געשיקט אַ בריוו צום פּראָקוראָר פון געריכט אין ראדאם, ער זאָל מיר שיקן געלט אָדער זאכן. איך האָב ביי אים געהאַט צירונג פון מיין מוטער און גארדעראב. אָבער ער האָט מיר גאָרנישט געשיקט. און ווען איך שרייב אים, ער זאָל מיר שיקן אַ גראַנאַט אנצוג, ענטפערט מיר זיין שוועסטער, אז איך האָב דאָך שוין איינמאָל

אָפּגענומען דעם אנצוג. אַזוי האָב איך אים 5 מאָל געשיקט אַ שליח און ער האָט מיר קיין גראָשן נישט אָפּגעגעבן. נאָך דער באַפרייונג איז ער אַרעסטירט געוואָרן אַלס אַנגעהעריקער צו ת. ק.

דעם 23־טן אפריל 1944 יאָר באשליס איך מיטן ברודער, אַז מיר זאָלן אריינגיין צום ייד, וועלכער איז געווען באַהאַלטן ביי דער פאַמיליע פּאליט. מיר קומען אַהין און מיר טרעפן שוין דאָרט דעם צווייטן ברודער, וועלכער איז אהין געקומען נאָך דער ליקווידאַציע פון ליצייאום. מיר האָבן זיך געפרעגט ביי זייערע באַלעבאַטים, וועלכע טראָגן דיזעלבע פאמיליע וואָס מיינע, וועגן נייעס, זאָגן זיי, אַז די רוסן האָבן אָנגעהויבן אַן אָפּענסיווע. אַזוי איז עס טאַקע געווען.

דער פראָנט האָט זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן. עס איז געוואָרן אומרויק. די באַלעבאַטים אונזערע האָבן אָנגעהויבן צו זאָגן, מיר זאָלן זיך זוכן אַ ניי אָרט. דעם 23־טן מאַי זיינען מיר אריין צו די יידן בעטן זיי זאָלן אונז נאראיען אַ צווייט אָרט, אָבער מיר זיינען צוריק אַהיימגעגאַנגען מיט וואָס מיר זיינען געקומען.

אונזער לאגע איז געוואָרן קריטיש. דעם 24־טן מאַי זיינען אריין אין דאָרף קאָזאקן וולאסאָווצעס. אונזער לאגע איז געוואָרן נאָך ערגער. אין גאנצן דאָרף זיינען אויף קוואטיר געשטאַנען קאָזאקן, נאָר ביי אונז זיינען זיי צום גליק נישט געווען. אויך ביי יענעם פּאליטן זיינען געווען איינגעשטעלט קאָזאקן, נאָר די באַלעבאַטים האָבן די יידן גוט באַהאַלטן. צוליב די קאָזאקן האָבן אונזערע באַלעבאטים אויך געמוזט אונז האלטן, זיי האָבן אויפגעהערט אונז מאַטערן, מיר זאָלן אוועקגיין, ווייל ארויסגיין פאר דער שוועל איז געווען לעבנס־געפאר. די לאגע איז געוואָרן וואָס אַ טאָג געפערלעכער.

איינמאָל בשעת אַ לויה פון אַ קאָזאַק האָט דער פּאָפּ געזאָגט, אַז די קאָזאקן זיינען געקומען טאָן אַ הייליקע זאַך—שעכטן יידן און קאָמוניסטן. אין פּאָסטראָנגע האָבן די קאָזאקן געכאפּט ביי אַ פויערטע 3 יידן. די פויערטע ניעדזביאלא האָבן זיי מיט שטעקנס דערהרגעט אויף טויט. צווישן די דערהרגעטע דריי יידן זיינען געווען מאטיס פיינ־

קוכן, וואָס פלעגט קומען צו אונז אין וויענזאָוויצע, און זלמן בוים.

צוויי וואָכן פאר דער באפרייונג האָבן מיר ווייטער געהאַט גרויסע צרות. די טאָכטער פון אונזערע באלעבאטים, אַ שיקסל פון 14 יאָר, איז פשוט קראנק געוואָרן פאר שרעק. זי האָט מורא גע־האַט, אַז צוליב אונז וועט מען זיי אלעמען הרגענען. איינמאָל קומט אַריין צו אונז די אלטע מיטן יונגסטן שגץ און זיי זאָגן קאטעגאָריש, אז מיר מוזן אוועק, גלייכצייטיק הערן מיר שוין קנאַלן פון פראָנט. עס העלפט נישט קיין בעטן. דאן זאָגן מיר, אַז מיר וועלן אוועקגיין נאָר נאָכדעם ווי דער עלטסטער זון וואַצלאַוו וועט ארויסזאָגן זיין מיינונג. וואַצלאַוו האָט אין שטוב געהאַט די הויפט־דעה. מיר גייען אריין צו אים, מיר בעטן אים, אז מיר האָבן נישט ווו צו גיין. אָבער ער זאָגט:

— וואָס זאָל איך טאָן, אַז די מאמע האָט מורא?

דער קליינער רופט זיך אָפּ מיט געוויין:

— וואָס וועט זיין, אַז מען וועט אייך געפינען, דאַן וועט מען אונז אויסהרגענען.

מיר האָבן אים געבעטן:

- וואַצעק, ווו וועסטו אונז שיקן?

קלערט ער, ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן. די לאגע איז נאָך געווען באשווערט מיט דעם, ווייל איינער פון די זין מאַניעק איז געווען אין א. ק. און די מוטער האָט מורא געהאַט, אַז מען וועט קומען זוכן איר זון און מען וועט געפינען אונז. צום סוף האָט וואַ־צעק געזאָגט:

— נאָ, לאַזשטאַ דאָ דזשורי! (נו, קריכט אין לאָך אריין!)

ס'איז אונז געוואָרן לייכטער.

דעם 6־ט יוני האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער פראָנט. דעם 12־טן יוני האָט די א. ק. מאָביליזירט גרעסערע כוחות צווישן זייערע מיטגלידער. זיי האָבן אויסגערעכנט, אַז די ענגלענ־דער וועלן פריער פארנעמען פוילן. אין יענעם מאָמענט האָבן זיי אויך מאָביליזירט מאניעקן. ס'איז אויך אין דעם דאָרף מאָבילי־

זירט געוואָרן יאַן באַראַנסקי, אַ מאַטוזשיסט. ווען די א. ק. האָט געזען, אַז די רוסישע אָפענסיווע אַנטוויקלט זיך אין אַ שנעלן טעמפּאָ און די רוסן וועלן גיכער אָנקומען, ווי די ענגלענדער, האָבן זיי דעם 23־טן יולי אַ סך דעמאָביליזירט, צווישן זיי אויך מאַניעקן, וועלכער איז געקומען אַהיים. מען האָט זיי דעמאָביליזירט אין דעם מאָמענט, ווען די רויטע זיינען שוין געשטאַנען ביי דער ווייסל.

דער פראָנט איז דאַן געווען 20 קילאָמעטער פון אונז. דעם 23־יולי איז צו אונזערע באַלעבאַטים געקומען זאַרעמבאַ פון סטאַליאָווע־וואָליע מיט זיינעם אַ חבר. מ'האָט זיי אַוועקגעלייגט שלאָפן אין סטאָדאָלע, אָבער זיי האָבן וועגן אונז נישט געוווסט. איך האָב געהערט, ווי זיי שמועסן צווישן זיך:

— אַליע ביאָם! (אוי, קלאפּן זיי!)

— אוי, קלאפּן זיי!

און זאַרעמבאַ זאָגט:

— איך וועט זיך מיט דיר, אַז אין צוויי וואָכן אַרום וועלן די רויטע דאָ זיין.

איך האָב אויך נישט געגלויבט, אַז די רויטע זיינען אַזוי נאָענט, ווייל דער באַלעבאָס האָט אונז געזאָגט, אַז די רויטע האָבן געמאַכט בלויז אַ דעסאַנט און דאָס איז ערגער, ווייל די דייטשן וועלן פאַרניכטן דעם דעסאַנט און זיך נוקם זיין אין דער באַפעלקערונג. אין אַ געוויסן טאָג זייַען אַריינגעקומען דעם באַלעבאָס זון צו אונז און געבראַכט אַן אויפרוף אין דער דייטשער שפּראַך, וואָס די רוסישע עראָפּלאַנען האָבן אַראָפּגעוואָרפן. דאָס איז געווען אַן אויפרוף פון די דייטשע גענעראַלן, וואָס זיינען גענומען געוואָרן אין געפענגעניש. אין זייער אויפרוף האָבן זיי געשריבן צו דער דייטשער אַרמיי, אַז מען זאָל זיך אונטערגעבן, ווייל די מלחמה איז דורך די דייטשן פאַרשפּילט.

דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט. עס האָט זיך געטראָגן קלאַנגען, אַז די דייטשן עוואַקואירן די באַפעלקערונג. די אַטמאָספער

איז געוואָרן וואָס אַמאָל הייסער. איין טאָג איז אריין אין דאָרף די ווערמאַכט און האָט זיך איינקוואַטירט ביי די פויערים. מיר הערן שוין קנאַלן פון ארטילעריע. יעדער שאָס האָט אונז באַטויבט אין אונזער באַהעלטעניש. איין טאָג קומט צולויפן דאָס עלטערע שיקסל און דערציילט, אז אויפן פעלד, ווו זיי האָבן געשניטן תבואה, זיינען דריי מענטשן פארוווּנדעט געוואָרן פון די קוילן. אַ צווייט מאָל קומט זי צולויפן און זאָגט, אז אַ קויל האָט זיך אויפגע־ריסן ביי די ליפּעס נישט ווייט פון אונזער כאַטע און אז די דייטשן האָבן פאַרלייגט אַ פעלד־טעלעפאָן. דעמזעלבן טאָג דערציילט זי, אז די דייטשן האָבן דעם טעלעפאָן אַראָפּגענומען. אויפדערנאַכט איז געווען שרעקלעך, פון אלע זייטן האָט געברענט. ארום זעט מען איין פייער.

אונזערע באַלעבאַטים האָבן מורא צו זיין אין שטוב און זיי מאכן זיך שוץ־גראָבנס קעגן לופט־אָנגריפן. מיר ליגן אין סטאָדאָלע אויפן שטרוי, מיר פילן, אז אין דער לעצטער מינוט קאָנען מיר באַצאָלן מיט אונזערע קעפּ. דאָס דייטשע מיליטער גייט אָן אויפהער צוריק.

איינמאָל קומט צו צו אונזער באַהעלטעניש דער באַלעבאָס. ער האַלט אונזער וועש און זאָגט:

— יינגלעך, דאָס איז אייערס, אַז די סטאָדאָלע וועט זיך אָנ־כאַפּן, טאָ אַנטלויפט!

מאָנטיק דעם 7־טן אויגוסט זיינען די באַלעבאַטים אוועק אין אַ צווייטן דאָרף אין שכנות, וווּ זיי האָבן געהאַט אן אויסגעגעבענע טאָכטער. געבליבן זיינען בלויז מיר מיטן הונט. אויך דאָס עלטסטע שיקסל האָט זיך נאָך געדרייט ביי די קי. זי איז אריין צו אונז און שטאַרק אונז באַדויערט, זי האָט געזאָגט:

— וואָס וועט זיין מיט אייך?

זי האָט אונז געגעבן אַ ברויט און איז אָוועק.

# 14. מיר זיינען פריי

עס האָט געקאָנט זיין 11 אזייגער אינדערפרי, מיין ברודער האָט דורך אַ לאָך אין וואַנט דערזען, אז אין הויף זיינען אריין זעלנער. ער האָט באַמערקט, אַז איינער איז אַריין אין הויף מיט אַ מאַשין־געווער. עס זיינען געקומען נאָך צוויי זעלנער און האָבן זיך אוועקגעלייגט מיט געווער ביי דער כאַטע. מיין ברודער האָט מיר געזאָגט, אז זיי גייען אנדערש אָנגעטאָן ווי די דייטשן און זיי רעדן רוסיש. מיר האָבן געמיינט, אז דאָס זיינען וולאסאָווצעס.

מיין ברודער האָט געוואָלט אַנטלויפן, נאָר איך האָב אים איינגעהאַלטן, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט וו צו לויפן. איך גיב אַ קוק דורך דעם לאָך און זע, אַז אין הויף איז פול מיליטער. גלייכצייטיק זיינען די זעלנער מיט מאַשין־געווער אַריינגעפאָרן אין דער סטאָדאָלע. איך האָב געמיינט, אז דאָס איז שוין דער לעצטער טאָג אונזערער. איך האָב דעם אויפרוף, וואָס דער באַלעבאָס האָט אונז געבראַכט, באַהאַלטן אין דער ערד. דער ברודער האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן דורך דעם לאָך און זאָגט, אַז עס דוכט זיך אים, אז דאָס זיינען רויטע, ווייל זייערע שליפעס זיינען ארומגעזוימט מיט רויט. אזוי ליגן מיר ביז 1 אזייגער ביי־טאָג.

איינס אַזייגער קומען צולויפן וואַצעק מיט מאַניעקן קלאַפן צו אונז מיט אַ גרויסער פרייד און שרייען:

— וולאַדזשטאַ, באַ באַלשעוויצי יוזש סאָם (קריכט אַרויס, ווייל די באָלשעוויקעס זיינען שוין דאָ)!

מיר גייען ארויס און פרעגן, צי עס איז א דעסאַנט? זאָגט ער, אַז דאָס איז נישט קיין דעסאנט, עס גייען טאַנקען, אויטאָס, אַ גאַנצע אַרמיי.

דער שאָסיי ווערט צוזאמענגעבראָכ.ן. איך קוק ארויס אינ־דרויסן, זע איך, ווי עס קומען זעלנער צום ברונעם נאָך וואַסער. גלייכצייטיק זע איך, ווי עס באַווייזט זיך אַ ציגיינערין. זי איז שוין געלאָפן צום באַלעבאָס גנבענען. מיליטער קומט, מיליטער גייט אַוועק. איך זע ווי אַ זעלנער איז אריין אין כאַטע. איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אַראָפּ אונטן. דער זעלנער פרעגט מיך, צי איך בין דער באַלעבאָס און ער פרעגט מיך צי איך האָב בראָנפן. זאָג איך אים, אַז איך בין נישט דער באַלעבאָס, אז איך בין אַ ייד. דאָס איז געווען אַ יונגער זעלנער. ער האָט נישט געגלויבט זיינע אויגן, אז איך בין טאַקע אַ ייד. איך בין אריין אין קאַמער. עס איז ווייטער אָנגעקומען מיליטער. זיי האָבן אומעטום געזוכט און אריין אין קאַמער. אַ זעלנער מיט אַן אויפגעהויבענעם ביקס האָט געפרעגט, ווער מיר זיינען? מיר האָבן אים געזאָגט, אז מיר זיינען יידן. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מיר האָבן זיך נאָך באַהאַלטן. ער פירט אַריין זיינע חברים, זיי זאָלן אונז אָנקוקן. די זעלנער פאַרשטייען נישט, פאַרוואָס מיר גייען נישט אראָפּ. זיי נעמען אונז פֿאַר די הענט און פֿירן אונז אַרויס אויפן הויף.

דאָס איז געווען 2—3 אַזייגער בייטאָג. נאָך עט־לעכע מינוט זיינען מיר ווייטער ארויף אין קאמער. ביינאַכט האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט אין דעם קו־שטאַל און מיר זיינען ווייטער אריין אין באַהעלטעניש. איבערשלאָג... פאַרטאָג גיין ווייטער. ווי מיר האָבן זיך נאָר אוועקגעלייגט, קלאַפּט וואצעק, מיר זאָלן ארויסגיין. מיר זיינען ארויסגעגאַנגען און געגאַנגען שלאָפן אין די שוץ־גרובן אויפן פעלד. די סאָוויעטישע ארטילעריע האָט אַ גאַנצע נאַכט געדונערט. דער פראָנט איז געבליבן שטיין אין דער ריכטונג פון וולאשאָוו, 6 ק״מ פון אונז. פון 7־טן אויגוסט

1944 יאָר ביזן 12־טן יאַנואר 1945 יאָר איז דער פראָנט דאָרט געשטאַנען.

פאַרטאָג האָבן מיר זיך אויפגעהויבן און אַוועק. מיר זיינען געגאנגען קיין קלעמענטאָוו, אויפן וועג איז אונז נאָכגעגאנגען אַ סאָוויעטישער זעלנער, וואָס האָט געטראָגן וואַסער און ביים צמענטאַוש האָט ער אונז פארהאַלטן און צוגעפירט צום קאָמאַנדיר. דער קאָמאַנדיר האָט זיך געהייסן ווייזן דאָקומענטן. מיר זאָגן אים, אַז מיר האָבן נישט קיין דאָקומענטן, ווייל מיר זיינען יידן. ער האָט אונז באַפרייט. דער זעלנער, וואָס האָט אונז פארהאַלטן, האָט געפרעגט:

— פאַרוואָס האָט איר גערעדט צווישן זיך דייטש?

מיר זיינען אַריין אין גאָזשליץ. אונזער באַלעבאָס כאַטשע איז געשטאַנען אַ האַלבן קלמ. פון דאָרף. מיר זיינען אריין צו אַ באַקאַנטן פויער יאַן באַראַנסקי. ער האָט אויפגעשטעלט אַ פּאָר אויגן אויף אונז. ער האָט אונז געעצהט מיר זאָלן אַוועק פון דער געגנט, ווייל ז'אָ איז נישט רויק. דאָ קען מען אונז דערהרגענען. מיר גייען ווייטער.

אויפן שאָסיי אין די ראָוועס ליגן דערהרגעטע דייטשע זעלנער, צעבראָכענע טאַנקען. עס באַגעגענען אונז מיעשטשאַנעס*) פון אונזער שטאָט. זיי דערציילן אונז, אַז אין קלעמענטאָוו זיינען פאַראַן 10 יידן, צווישן זיי גאָטליב, וואָס ווױנט יעצט ביי מיר. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אין קלעמענטאָוו איז פאַראַן בלויז איין ייד, וועלכער דערציילט, אז ער איז אַנטלאָפן מיט נאָך 10 מאַן, נאָר זיי זיינען נאָך נישט געקומען. פאַר דער שטאָט באַווייזן זיך דייטשע עראָפּלאַנען. זיי פליען אדורך. מיר גייען אריין אין שטאָט.

מיר גייען פאַרביי דעם קלויסטער, גייען ארויס פון דאָרטן מיעשטשאנעס. איך פרעג זיך אויף מיינע בעלי־חובות. זאָגן זיי, אַז אַ טייל האָבן די דייטשן בשעת אַ לאַפּאַנקע געכאַפּט. אין שטאָט

* שטעטלדיקע איינוווינער.

ברענט נאָך. איך דערוויס זיך, אז די דייטשן האָבן פארן אוועקגיין באַגאָסן די הייזער מיט בענזין. אין קום אין מארק אריין. איך זע פינדערוווייטנס דעם סטאַראָסטע הייגאָך מיט נאָך צוויי מיעשטשאַנעס. ער רופט זיך אָפּ כלומרשט מיט פרייד:

— דאָס איז מיין שניידער.

ער דערלאַנגט אונז די האַנט, פרעגט ווי מיר האָבן איבערגעלעבט די צייט. דורכן מארק גייען דורך קלענערע מיליטער־אָפּטיילונגען און די מיעשטשאַנעס גיבן אונז צו פארשטיין, אז די רוסן וועלן באַלד אָפּטרעטן. מיר שטעלן אָפּ אַן אָפיציר און פרעגן, צי ס'איז אמת, אז דער דייטש וועט צוריקקומען. זיי שיסן אויס אין אַ געלעכטער און זאָגן:

— דער דייטש וועט אַהער נישט קומען.

מיר באַרויקן זיך.

מיר דרייען זיך איבער דער שטאָט. מיר גייען אריין אין אַ שטוב און קויפן זיך עסן. ווי מיר עסן פרישטיק, לויפט איינער אַריין און שרייט, אַז די רוסן אַנטלויפן. מיר לויפן ארויס, גייען צו צו אַ רויטאַרמייער און ער זאָגט, אַז עס איז נישט אמת. ער הייסט אונז צוגיין צו א פאָליטרוק, אַ ייד, וועלכער געפינט זיך אין דאָרף נאָוואָדזשיצע און ער וועט אונז אלץ זאָגן. ער זאָגט אויך, אַז דער קאָמאַנדיר אין פענכאָוו וועט אונז אַלץ זאָגן. ער האָט אָפּגעשטעלט אַן אויטאָ און מיר זיינען צוגעפאָרן צום קאָמאַנדיר.

דער קאָמאַנדיר האָט אונז גוט אויפגענומען, האָט אונז געגעבן אַ מיטאָג פון דער קיך און מיר זיינען ביי אים געווען. ער האָט גענומען אַ סערזשאַנט אַ ייד וואקסמאַן און געזאָגט אים, אז ער זאָל אונז פירן צום וואָיענני קאָמענדאַנט פון קלעמענטאָוו. דער קאָמענדאַנט איז געשטאַנען מיט אלע מיעשטשאַנעס און האָט זיך געוויצלט. ער האָט מיר געזאָגט, אז איך זאָל זיך נעמען צו דער אַרבעט און אריינציען זיך אין מיין וווינונג. מיר האָבן אויך געהאַט אן אינצידענט מיט אַ פּאָליאַק, וועלכער איז צוגעגאַנגען צו אַ רוסישן זעל־

נער און געזאָגט, אַז די יידן האָבן געשטיצט די דייטשן.

צומאָרגנס בין איך מיטן ברודער אריין צום פּראָקוראָר וויעטשאָרעק. די גאַנצע פאַמיליע איז צעטומלט געוואָרן. עס איז אַריין דעם פּראָקוראָרס זון און געפרעגט, צי מיר וועלן עסן מיטאָג. איך האָב געזאָגט, מען זאָל מיר אָפּגעבן די סחורות און צירונג, וואָס איך האָב ביי אים איבערגעלאָזט. דער פּראָקוראָר זאָגט, אַז ער האָט זיך אָפּגערעדט מיט מיין פאָטער, אז ער וועט די זאכן אָפּגעבן ערשט נאָך דער מלחמה. די הויפּט־סיבה איז די, וואָס ער האָט נישט די זאַכן ביי זיך אינדערהיים און ער קאָן זיי מיר יעצט נישט געגעבן.

פון אים בין איך אַוועק אויפן יידישן בית־עולם. ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ שרעקלעך בילד. דער שטיינערנער מויער איז געווען צעלייגט און אוועקגערויבט. די מצבות כמעט אלע ארויסגעריסן, געבליבן זיינען אפשר 20 פּראָצענט. די ערד איז געווען צעקאָפּעט. איך קוק אויף די מאסן־קברים און זוך די קברים פון דעם פּאָרפאָלק, וואָס די אקאָווצעס האָבן געהרגעט אין אַרעסט. דער פּוילישער סטרוזש פון דער ידישער קהילה האָט מיר געוויזן זייער קבר. ער דערציילט מיר, אז אויסוורפן האָבן אויסגעגראָבן ספרי־תורות און זיי ארויסגעגנבעט. דעם פּארמעט האָבן זיי אויסגענוצט אַלס אונטערנייעכץ צו שטיוול. ער דערציילט מיר, אז 6 מאָנאַטן נאָכדעם, ווי מען האָט באגראָבן די 68 געשאָסענע (דאָס איז געווען דעם 30־טן נאָוועמבער 1942 יאָר) זיינען פרילינג דעם 1943 יאָר געקומען אונטערוועלטניקעס, אַרויסגעשלעפּט די טויטע, באַזוכט זיי, צי זיי האָבן נישט קיין דאָלאַרן און אַרויסגעריסן ביי זיי גאָלדענע ציין. איינער פון די, וואָס האָבן דאָס דורכגעפירט, איז געווען טשעסלאַוו נאָוואַקאָווסקי.

ווען איך בין געגאַנגען פון בית ־ עולם, איז צו מיר צוגעגאַנגען אַן עלטערע פּוילישע פרוי און האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ קליינעם קבר פון אַ זיבן יעריק יינגעלע אבנר דיאַמאַנט. די פאַמיליע פון דעם קינד האָט זיך פאַר דער אויסזידלונג

באַהאַלטן ביי פּאָליאַקן. עס זיינען געקומען נ. ס. ז. באַנדיטן, זיי האָבן אַרויסגענומען די גאַנצע יידישע פאַמיליע און זי דערשאָסן. בעתן שיסן איז די מוטער געפאַלן אויפן קינד, וואָס איז בלויז פאַרוואונדעט געוואָרן. ביינאַכט האָט זיך דאָס קינד אויפגעהויבן און געקומען אין דאָרף מאָשיצע. דאָרטן האָט מען דעם קינד געגעבן עפּעס עסן און געבראַכט קיין קלעמענטאָוו. מיטן קינד האָט זיך פאַרנו־מען אַן אָרעמע פּוילישע פרוי יאַניס פון קלעמענטאָוו, וואָס פלעגט אַמאָל טראָגן פאַרן קינדס עלטערן וואַסער. דאָס קינד האָט איר געזאָגט, אַז עס האָט קרובים אין אַמעריקע און נאָך דער מלחמה, וועלן זיי איר באַלוינען. דאָס קינד האָט זיך דערצויגן מיט אירע אייניקלעך. עס איז אויך אריין צום גלח און געבעטן, מען זאָל עס אָפּשמדן. אַזוי האָט זיך עס אַרומגעדרייט עטלעכע וואָכן אין שטעטל. אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אָפּגעמסרט דאָס קינד פאַר דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. דאָס קינד האָט זיך גע־בעטן, מען זאָל עס לאָזן לעבן, אָנגעוויזן אַן אַדרעס, ווו זיין טאַטע האָט באַהאַלטן געלט. צוויי טעג איז דאָס קינד געווען אין זשאַנ־דאַרמעריע, נאָך צוויי טעג האָבן זיי עס גענומען אויפן בית־עולם. דאָרט האָט מען עס מיט דריי קוילן דערשאָסן.

אינדערפרי בין איך געגאַנגען אין שול און אין בית־מדרש. די אַלטע שול איז ניצול געוואָרן פון די דייטשע הענט. עס האָט געפעלט בלויז דער ארון־הקודש. די טירן, די פענצטער, דאָס מאָלעריי, אַלץ איז געבליבן. אויך גאַנץ איז געבליבן דער בית־מדרש. פון דאָרטן בין איך אַריין אין דער תפיסה פון יודנראַט. אַלץ איז דאָרט ווי געווען. די ווענט זיינען פאַרשריבן מיט אופשריפטן קעגן יודנראַט. איין אויפשריפט איז צונויפגעשטעלט אין גראַמען און איז געשריבן קעגן ראַטמאַן דוד גראָסמאַן:

„דוד גראָסמאַן
דאַרף אָנטאָן אַ פערד־געשפּאַן
ווייל ער איז אַ פערד

און פוילן זאָל ער באלד אין דר'ערד.
אמת ויציב
ער איז אַ געמיינער גנב".

איך זע די וואַנט פון דער שול, ווו עס איז פאָרגעקומען די עקזעקוציע פון 22 יידן, וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן דעם 2-טן סעפטעמבער 1942 יאָר. עס זיינען אין דער שול-וואַנט געבליבן לעכער פון די קוילן אַלס שטומע עדות פון שאַנד-טאַטן פון יודנראַט און פראָוואָקאַציע פון דער פוילישער פאָליציי.

דיזעלבע נאַכט איז פאָרגעקומען אַ באָמבאַרדירונג פון קלעמענטאָוו און דער יידישער ראיאָן, וואָס איז נאָך טיילווייז געבליבן, איז יעצט חרוב געוואָרן. דערביי איז צווישן אנדערע געהרגעט געוואָרן די פרוי, וואָס האָט געהאלטן דאָס יידישע קינד. איך האָב באַשלאָסן אַוועק פון דאַנען, אריבער די ווייסל, כדי צו זיין ווייטער פון פראָנט. אָבער אויף דער צווייטער זייט ווייסל האָט אונז פאַרהאַלטן די נ. ק. וו. ד. מען האָט אונז נאָך אַ קורצער צייט באַפרייט און מיר זיינען אַוועק צוריק אין קלעמענטאָוו. עס זיינען קיין קלעמענטאָוו געקומען נאָך יידן. די לאַגע איז געוועזן אַ שווערע.

מיר זיינען געוועזן נאַקעט און באָרוועס. מיר האָבן געאַרבעט ביי אַ ייד מאָטל פענטשינא, וואָס האָט איבערגענומען זיין מיל. ער האָט געמאָלן מעל פאַר דער רויטער ארמיי און פון דעם געמאַכט א מיליאָנען פארמעגן. אונז פלעגט ער צוטיילן שטיקלעך ברויט און פלעגט אונז שלאָגן, ווען מיר האָבן נישט געוואָלט אַרבעטן. שפעטער האָב איך געאַרבעט אַלס שניידער אין דער רויטער אַרמיי און איך האָב גוט פארדינט.

איינמאָל איז געקומען צו אונז אַ געוויסער סטעפאַן ביגאָס פון אַ דערבייאיקן דאָרף און אונז געראָטן מיר זאָלן אוועקגיין פון קלעמענטאָוו, ווייל ער ווייסט גענוי, אַז די נ. ס. ז. ווילן אויף אונז וואַרפן גראַנאַטן דורכן פענצטער. ווען דער פראָנט האָט זיך דעם 12-טן יאַנואַר גערוקט און עס איז געוואָרן

וויניקער מיליטער, האָבן מיר באַשלאָסן אַוועקגיין פון שטאָט, ווייל די אַטמאָספער ארום איז געוואָרן הייסער. אַ סך פּאָליאַקן האָבן אונז געוואָרנט מיר זאָלן אַוועקגיין.

סוף מערץ 1945 יאָר זיינען מיר געקומען קיין לאָדזש. אין קלעמענטאָוו זיינען נאָך געבליבן חיים פענטשינאַ מיט זיין שוואנגערער פרוי. זיין פאָטער אברהם פענטשי־נא, וואָס איז געווען באַהאַלטן אין וויענזאָוניצע מיט זיין פרוי, טאָכטער, דריי זין און צוויי שניר איז צוזאמען מיט זיין פאַ־מיליע דערמאָרדעט געוואָרן האַרט פאַר דער באַפרייונג. גלייכצייַ־טיק זיינען פאַר דער באַפרייונג דערמאָרדעט געוואָרן אין דעם וועלדל דאָרף צוויי יידישע פרויען: די פרוי רוזשע בוים מיט איר שוועס־טער, די פרוי פון ישראל ראָזנבערג. (ער איז איצט אין אַרגענטינע).

איך האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז צו ראַטקאָווסקין, ווו איך בין געווען באַהאַלטן, זיינען נאָך אונזער אַוועקגיין, דעם 5־טן סעפּטעמבער 1943 יאָר, געקומען זיינע באַקאַנטע יידן, וואָס האָבן זיך געוואָלט ביי אים באַהאַלטן: אַבנר וואָל, יואל ווייצמאַן און משה ניסנבוים פון אָפּאַטאָוו. ראַטקאָווסקי איז מסכים געווען זיי צו האלטן דאַן זיינען אַבנר און ווייצמאַן געגאַנגען אין קלעמענטאָוו אפּנעמען ביי יוזעף שטענשיצקי זייערע זאַכן. ווען זיי זיינען ארויס פון שטענ־שיצקין, האָט ער נאָך זיי נאָכגעשיקט באַנדיטן וועלכע זיינען זיי נאָכגעגאַנגען קיין וויענזאָוניצע צו ראַטקאָווסקין. זיי האָבן צעשלאָגן ראַטקאָווסקין און די דריי יידן געשאָסן ביי אים אויפן הויף. דאָס איז געווען אַ באַנדע פון 40 באַוואָפנטע באַנדיטן. וועגן דעם האָט מיר איבערגעגעבן עדוואַרד ראַטקאָווסקי, וועלכער האָט די יידן באַ־גראָבן אין אַ ברודער־קבר ביים צמענטאַזש. אויך צו מאַזורן ביי וועלכן מיר זיינען געווען אין זעלבן דאָרף, זיינען נאָך אונזער אַוועקגיין געקומען נ. ס. ז. און האָבן געפאָדערט פון אים ער זאָל אויסגעבן ווו די יידן זיינען באַהאַלטן. זיי זיינען צוגעגאַנגען גלייך צו דעם טכראָן, ווו מיר זיינען געווען. זיי האָבן געשלאָגן דעם באַלעבאָס ער זאָל זאָגן, ווו מיר זיינען. צום סוף, כדי אָפּצושרעקן

אים, האָבן זיי אַרומגעדרייט אַ בערעזע־צווייג אַרום זיין האלז און אים אויפגעהאָנגען. דאָס האָט מיר דערציילט מאזור אליין.

דעם 12־טן אַפּריל 1945 יאָר האָבן קלעמענטאָוו פארלאָזט די רעשט יידן, וואָס האָבן מורא געהאַט פאַר די נ. ס. זעטישע באַנדעס. עס זיינען נאָר געבליבן 5 יידן: אברהם זלאָטניצקי, די ברידער שאיע און כיל לעדערמאַן און דאָס פּאָרפאָלק חיים און ריווטשע פענטשינא. נ. ס. ז. באַנדיטן האָבן עס נישט געקאָנט פארליידן. מאָנטיק ביינאַכט, דעם 16־טן אַפּריל 1945, זיינען זיי געקומען און געשאָסן די יידן.

דערמיט איז פארענדיקט די געשיכטע פון די יידן אין קלעמענטאָוו.

אונטערשריפט פון עדות: (—) ל. זילבערבערג.
„ „ פּראָטאָקולאַנט: (—) ק. מירסקא.

אָרוש, דעם 5-טן אָקטאָבער 1945.

* * *

.. איך, גרינבערג אָשר, געבוירן אין קלעמענטאָוו אין יאָר 1896, בין געווען די גאנצע צייט ביז דער אויסזידלונג, ד. ה. ביזן 1־טן נאָוועמבער 1942, אין קלעמענטאָוו און איך באשטעטיק, אַז אַלץ, וואָס לייב זילבערבערג האָט איבערגעגעבן, איז פולשטענדיק ריכטיק.

לאָדזש, ד. 16־טן אַפּ יל 1947.

אשר גרינבערג
לאָדזש, קאַמיענגא 8 וו. 18.

# אינהאַלט

# אויסגאבעס פון דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאמיסיע אין פוילן

דערשינען:

1) אינסטרוקציעס פאר זאמלער פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאציע. לאָדזש, 1945, 22 ז.

2) אינסטרוקציעס פאר זאמלער פון עטנאָגראפישע מאַטעריאַלן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. לאָדזש, 1945, 16 זייטן.

3) אינסטרוקציעס פאר אויספאָרשן די יידישע קינדער אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאציע. לאָדזש, 1945, 16 ז.

4) מעטאָדאָלאָגישע אָנווייזונגען אויסצופאָרשן די געשיכטע פון די פוילישע יידן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. לאָדזש, 1945, 47 זייטן.

5) דאָקומענטן וועגן פארברעכן און מארטירערטום. אַנטאָלאָגיע פון גבית עדותן. דריי טיילן:

א) אין די לאגערן.

ב) איבער שטעט און שטעטלעך.

ג) קינדער דערציילן.

קראָקע 1945, 222 — 16 זייטן.

6) אַ קאַרטע פון לאגערן אין שלעזיע. (אויסגאבע פון דער קאַטאָוויצער אָפּט.).

7) דער חורבן פון פוילישן יידנטום. פאָטאָגראַפישער אַלבום דאָקומענטאלע אויפנאמעס, וואָס אילוסטרירן די באַרבארישע מעטאָדן פון אָקופּאַנט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. אַריינפיר און דערקלערונגען פון גרשון טאַפּעט. לאָדזש, 1946, 15—104—18 ז.

8) ד"ר פיליפ פרידמאַן: „דער חורבן פון די יידן אין לעמ־בערג". שטודיום געשטיצט אויף פערזענלעכע איבערלעבונגען פון מחבר און גבית עדותן. לאָדזש 1945, 38 זייטן.

9) גוסטאַ דרענגער: „יוסטינעס טאָג־בוך". געשריבן אין דער תפיסה דורך איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין קראָקע). אַריינפיר: יוסף וווּלף. קראָקע, 1946, 120 זייטן.

10) מיכאל באָרוויטש: „אוניווערזיטעט פאר תלינים" (וועגן דעם יאַנעווער לאַגער אין לוואָוו). אַריינפיר פון מאַריאַ האָכבערג־מאַריאַנסקאַ.

11) מ. געבירטיג: „עס ברענט" (אין יידיש) לידער געשריבע־נע אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע דורכן באַקאַנטן יידישן פאָלקס־זינגער, וואָס איז דורך די דייטשן דערמאָרדעט געוואָרן. אַריינפיר: יוסף וווּלף. קראָקע 1946, 40 זייטן.

12) רודאָלף רעדער: „בעלזשעץ". דער אמת וועגן טויטן־לאַגער אין בעלזשעץ, דערציילט דורכן מחבר, אַ לעבעדיקער עדות, וואָס איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון דער גאַז־קאַמער. אַריינפיר: נעללאַ ראָסט. קראָקע 1946 — 65 זייטן.

13) לעאָן וויעליטשקער: „די טויט־בריגאַדע". זכרונות פון מחבר, וואָס איז געצוווּנגען געוואָרן צו אַרבעטן אין אַ בריגאַדע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אויסגראָבן און פאַרברענען אומגעקומענע, כדי צו פאַררייבן די שפּורן פון מאַסן־שחיטות. אַריינפיר: רחל אוי־ערבאַך. לאָדזש 1946, 128 זייטן.

14) דאָקומענטן און מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון יידן אין פוילן. ערשטער באַנד: לאַגערן, באַאַרבעט פון נ. בלומענטאַל (אין טעקסט גייען אַריין אָריגינעלע דאָקומענטן פון אָשוויענטשים, מאַידאַנעק, טרעבלינקע, סאָביבאָר, בעלזשעץ, כעלמנאָ א. אַ. וו.). דער אַריינפיר פון מחבר אונטערן נאָמען „דייטשע לאַגערן אין פוילן" שטעלט מיט זיך פאָר אַ סינטעטישע אַרבעט, וואָס באַלויכט די פּראָבלעמאַטיק פון די דייטשע לאַגערן אין פוילן. לאָדזש 1946 13—335 זייטן.

15) מיכאל מ. באָרוויטש: „ליטעראַטור אין יאַנעווער לאַגער". אַ סקיץ וועגן דער אונטערערדישער טעטיקייט און די ליטעראַרישע שאַפונגען פון די פאַרשיקטע אין יאַנעווער טויטן־לאַגער אין לוואָוו. קראָקע, 1946, 76 זייטן.

16) סטעפאַן אָטווינאָווסקי: „ווילקאַנאָץ" (דראַמע וועגן באַוואָפנטן אויפשטאַנד אין געטאָ), אילוסטראַציע פון אַנטאָני אוניעכאָווסקי. איבערזעצט: מיכאל באָרוויטש. קראָקע 1946, 96 זייטן.

17) צום דריטן יאָרצייט פון דער ליקווידאַציע פון קראָקעווער געטאָ. קאָלעקטיווע אויסגאַבע, אין וועלכער עס זיינען פאַרטרעטן מיט אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען אַ ריי פוילישע און יידישע שרייבער קראָקע, 1946, 204 זייטן.

18) ד"ר שמעון דאַטנער: „קאַמף און אומקום פון ביאַליסטאָקער געטאָ". איבערזעצט־וואָרט: ד"ר פ. פרידמאַן. לאָדזש 1946, 48 ז.

19) באָומינגער רוזשע: „ביי פּיקרין און טראָטיל" דער צוואַנגס־אַרבעט־לאַגער אין סקאַרזשיסקאָ־קאַמיעננאַ), איבערזעצט: יוזעף שטראַזער. קראָקע, 1946, 62 ז.

20) יאַנקאַ ה.: טאָג־בוך פון אַ צוועלפיעריק מיידעלע. איבערלעבונגען אין געטאָ, תפיסות און טויטן־לאַגער אין לוואָוו. איבערזעצט: מ. האָכבערג־מאַריאַנסקאַ, קראָקע, 76 זייטן.

21) ש. שאַיעוויטש: „לך־לך" — איבערזעצט פון נ. בלומענטאַל. צוויי פּאָעמעס פון דיכטער, וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן. לאָדזש, 1946, 74 זייטן. (אין יידיש).

22) נ. גרים: די צענטראַלע יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע (אַ יאָר אַרבעט). לאָדזש, 1946. 5—62 זייטן.

23) דאָקומענטן און מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין פוילן, 2־טער באַנד. „אַקציעס" און „אויסזידלונגען" באַאַרבעט דורך ד"ר יוסף קערמיש. לאָדזש, 1946, 11 — 473 — 72 זייטן.

25) מגר. נאטאן עליאש שטערנפינקעל: „די פארניכטונג פון די יידן אין סאָסנאָוויעץ". די ארבעט שטיצט זיך אויף גבית עדות. דאָקומענטן, אאַ"וו. קאַטאָוויץ, 1946, 84 ז.

26) ד"ר יוסף קערמיש: „דער אויפשטאַנד אין ווארשעווער געטאָ". אַן אַרבעט געשטיצט אויף מקורים. צווישן אנדערע אויפן ראפּאָרט פון ליקווידאטאָר פון ווארשעווער געטאָ גענעראל סטראָאָפּ. דאָס איז אַ נייער בייטראג צו די פאָרשונגס־אַרבעטן איבער דער געשיכטע פון ווידערשטאַנד־באַוועגונג ביי יידן. לאָדזש, 1946 — 116 — 7 זייטן.

27) ג. טאַפּעט: „די פאַרניכטונג פון די זשאָלקעווער יידן". באַאַרבעט אויפן סמך פון אייגענע איבערלעבונגען, זכרונות און גבית עדות. אַריינפיר פון ד"ר י. קערמיש. לאָדזש, 1946, 72 ז.

28) ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין די געטאָס און לאגערן. מאַטעריאלן און דאָקומענטן. באַאַרבעט דורך ב. אייזנשטיין. אַריינפיר: פון מ. באָרוויטש. ווארשע, לאָדזש, קראָקע, 1946, 213 ז.

29) ד"ר אברהם סעלעזין: „א צושטייער צו דער דעמאָגראפיע פון דער יידישער באפעלקערונג אין לאָדזש, קראָקע און לובלין בשעת דער דייטשער אָקופּאציע". לאָדזש, 1946, 76 ז.

30) בער ריטשעוול: ווי אזוי איך האָב איבערגעלעבט די דייטשן". וואַרשע—לאָדזש—קראָקע. 50 זייטן. (אין יידיש).

31) דאָקומענטן און מאטעריאלן צו דער געשיכטע פון דער דייטשער אָקופּאציע אין פּוילן, 3־טער באנד — לאָדזשער געטאָ, 1־טער טייל, באארבעט פון מגר. אייזנבאַך, לאָדזש, 1946, 2—300 ז.

32) אַנטאָלאָגיע פון דיכטונגען וועגן יידן אונטער דער דייטשער אָקופּאציע, באַאַרבעט פון מיכאל מ. באָרוויטש. ווארשע — לאָדזש—קראָקע, 1947 (פּויליש) 288 זייטן.

33) רחל אויערבאך: „אויף די פעלדער פון טרעבלינקע", רעפּאָרטאַזש, געשריבן אויפן סמך פון די רעזולטאַטן פון דער לאָקאַלער געריכטס־וויזיע, וועלכע איז אדורכגעפירט געוואָרן דעם 7־טן נאָוועמבער 1947, לויט דער איניציאַטיוו פון דער „הויפּט־קאָמיסיע צו פאָרשן די דייטשע פארברעכנס", מיטן אָנטייל פון געריכטס־

אָרגאַנען, פּראָקוראַטור, פאָרשטייער פון דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע און פון אַ גרופּע געוועזענע טרעבלינקער אַסירים. אינם בוך קומען 8 פאָטאָגראַפיעס און אַ פּלאַן פון טויטן־לאַגער אין טרעבלינקע. וואַרשע—לאָדזש—קראָקע, 1947, 118 זייטן.

34) מגר. נ. בלומענטאַל: „אומלשודיקע ווערטער", 1־טער באַנד, אַ פּרווו צו פאָרשן דייטשע דאָקומענטן פון פאַר דער צייט פון דער היטלער־אָקופּאַציע פונם לעקסיקאָלאָגישן שטאַנדפּונקט (פּויליש). קראָקע—לאָדזש—וואַרשע, 1947, 271 זייטן.

35) דער פּראָצעס פון דעם מענטשן־מערדער אמאָן לעאָפּאָלד געט פאַר דעם העכסטן טריבונאַל. אַ סטענאָגראַפישער באַריכט פון דעם פּראָצעס, באַארבעט פון ריכטער סטאַניסלאַוו קאָשינסקי ביי דער מיטבאַטייליקונג פון די פּראָקוראָרן פונם העכסטן טריבונאַל ד״ר ט. ציפּריאַן און מ. שעוויערסקי. וואַרשע—לאָדזש—קראָקע, 1947, (פּויליש), 510 זייטן.

